שמואל דן

# אין לאסט פון טעג

לידער
און פּאָעמען

איקוף  פארלאג

ניו־יאָרק, נ. י.

SHMUEL DON

# IN LAST FUN TEG

## (Under Burden of Days)

Published by
**YIDDISHER KULTUR FARBAND (YKUF)**
189 Second Ave.
New York 3, N. Y.
**1959**



שער-בלאט געצייכנט פון משה קיש

Printed in U.S.A.
by
GRENICH PRINTING CORP.
151 West 25th Street
New York 1, N. Y.


# אינהאַלט

# דער גאַסנזינגער

איבער אַלע גאַסן קומט ער מיר אַנטקעגן.
ווי אַן אימהדיק געזאַנג ביינאַכט
ערגעץ איבער וויסטע וועגן,
קומט ער מיר אַנטקעגן.

גרויס און מוראדיק
זיצט זיין קאָפּ אַן אויפגעשוואָלענער,
איינגעזונקען אין די דאַרע אַקסלען ;
אויפגעשטאַרצטע ביינערדיקע אַקסלען
פון זיין קערפּער דין און נידעריק,
איינגעדרייט און אויפגעשווידערט.

באַקן בלאַס און איינגעפאַלן,
אויגן אָפענע און קרומע,
איין אויג וויינט פאַר אַלעמען נאָך רחמים,
דאָס אַנדערע שמייכלט טרייסטנדיק.
אויערן אויפגעריסענע ווי צוויי מיילער אָפענע,
שרייען אויס דעם באַשעפערס חרפּות —
גאָטס באַרעמלאָזער טעות.

ווי דער ענטפער צו מיין תפילה קומט ער מיר אַנטקעגן.

ווי צוויי זעק מיט אונדזערע טעג
שלעפּט ער זיינע הויקערס צוויי —
ווי אַ פאַרצווייפלטער געשריי
פון אַ באַפאַלענעם — קראַנק און רוי —
קומט ער מיר אַנטקעגן
אַלע מיינע טעג אַזוי.

אויגן אָפענע און קרומע,
אַפּלען בענקענדיקע, פיינלעך בלוי —
זינגט ער שטיקער האָפענונג
פאַר אַלע נויטבאַדערפטיקע —
טרויעריקע שטיקער האָפענונג.

ווי דאָס אָפּבילד פון מיין גורל קומט ער מיר אַנטקעגן.

שלעפּ איך זיינע שווערע טעג.
טראָג איך זיין פאַרשעמט געשטאַלט.
וויינט אויף מיר זיין אויסזען.

זינגט אין מיר זיין האָפענונג —
טרויעריקע שטיקער האָפענונג —
אַלע מיינע טעג אַזוי.

1953

## ביי דיינע ברעגן, מיסיסיפּי

צום ברעג פון מיסיסיפּי בין איך אַמאָל געקומען
מיט באַהאַלטענעם צער, מיט אָפענע שיך, און ליידיקע טאַשן —
אַ פאַרוואָגלטער, מיט אויגן אָפענע, צעשראָקן.
דאָרט האָב איך מיין לייב געבאָדן, מיין העמד געוואַשן,
און אויפגעהאַנגען מיינע אַלטע זאָקן
אויף אַ וויינענדיקער ווערבע.

ביי דעם טייך מיסיסיפּי בין איך אַמאָל געזעסן,
אַ פאַרמאַטערטער, אַ בלאַסער.
ס'איז האַרבסט געווען,
און אויפן שפּיגל-פלאַך פון וואַסער
האָב איך מיטאַמאָל דערזען
מיין באַוואָקסן פּנים,
און מיין וויגנדיקן קאָפּ,
ווי אַ וויינענדיקע ווערבע.

ביי דיינע ברעגן, מיסיסיפּי, בין איך אַמאָל געזעסן.
ס׳איז האַרבסט געווען, און אָוונט־שפּעט.
מיט זיבן פֿאַרבן־שריפֿות האָט דער מערב דאָן געברענט,
און דעמאָלט האָסטו מיך דערקענט.
און ווי מיין אייגן האַרץ האָסטו צו מיר גערעדט,
געשוויגן, און געשטאַמלט, און געוויינט.
און דאָרט האָב איך פֿאַר דיר געלייענט
די מגילה פֿון אַלע מיינע טעג.

און ווען איך בין פֿון דיר אַוועק,
איז דאָרט מיין האַרץ געבליבן
הענגען אויף אַ ווייגענדיקער ווערבע.

1948

# נאַכט דורך פּעלזן-ווענן

*To Langston Hughes*

ביים ראַנד פון בערג,
דורך טונקעלע פּעלזן-וועגן,
בין איך אַ נאַכט וואַקלדיק געגאַנגען —
אין מיין וואָגל.
ס'איז שפּעטער האַרבסט געווען.

קעלט און רעגנגאַנג,
ווינט-געוואָי,
און האָגל.

שוואַרצער יאָמער פון ווינטן פּראַסטיקע
האָבן מיך געיאָגט פאָראויס,
געטריבן מיך צוריק,
געריסן און געוויטיקט מיין געביין.

פּלוצעם:
דורך דער נאָענטער פינצטערניש
האָט אַ העל געטאָן אַ שיין —
אַ כאַטע.

בין איך צוגעפאַלן צום פענצטער.

אינעווייניק:
אַן אויוון, אַ וואַרעם פייער.
אַ זאַטע פּאַרע פון אייזערנע טעפּלעך.
אַ פאַן אַ מעשענע.

ביים טיש:
מאַן און ווייב, קינדער —
צוויי בלאָנדע קעפּלעך.
און רייד, מיט שמייכלען באַגלייט.

בין איך צוגעפאַלן צום טיר,
האָט איך אָנגערירט דעם ריגל,
אַ רגע שטיין געבליבן
און אַוועקגעגאַנגען.

זיי ווייסן ניט:
אין דרויסן וואָגלט־אום אַ מענטש,

אַ געטריבענער, מיט לאַסט פון טעג אַזוינע;
טעג שוין לאַנג פאַרגאַנגענע, פאַרעלטערטע,
ווי די קליידער זיינע;
ווי די פּערזן אין זיין קעשענע,
צעקנייטשט און צעריסן.

זיי ווייסן ניט.

אונטן איז דער ים געלעגן —
גערעוועט און געריסן זיך פון אָפּגרונט,
מיט ווייסן שוים געביסן אַלע ברעגן.

1949

## פון טיפעניש

אַ געפּייניקטן, אַ מערדער אין זיין תּפיסה־צעל,
לאָזט מען אויך אַמאָל צורו.
דאָס שנעלע סוויסטשען פון דער בייטש איבער לייב פון שקלאַף
פאַרלאַנגזאַמט זיך, ווען ער האַלט אין פאַלן.
און ס׳טרעפט אַמאָל: דאָס גוססע געוויין פון אַ פאַרפּייניקטן
וועקט אויף ביינאַכט דעם פּייניקער.

און דו, באַרעמלאָזער, אכזר איבער מיר,
ווער דו זאָלסט ניט זיין,
מיט געבויגענע קני שריי איך פון מיין טיפעניש צו דיר.

1950

# אין מיין וואָגל

„דער זעלבער הימל, די זעלבע שטערן
און די זעלבע ערד
נאָר דאָס אויער הערט,
און ווערט ניט מיד פון הערן,
דאָס אויג ווערט פון זען ניט זאַט,
פיס ווערן מאַט״.
(י. ל. פרץ — „דער וואַנדערער״, — פון „ביינאַכט
אויפן אַלטן מאַרק״)

ליידיקע גאַסן.
אויף שוואַרצע שויבן שימערט אַ קאַלטער באַגינען,
באַגינען, לעצטע טראָפּנס בלוי
טריפן שוין, רינען,
און צערינען.

פאַרבן ראַנגלען זיך.
בלויע שאָטנס האָבן נאַכטיקע פלעקן פאַרטריבן.
גרוי איז דאָס בלוי באַפאַלן, דערוואָרגן.
גרוי האָט זיך צעשפּרייט, פאַרבליבן,
איז געוואָרען מאָרגן.

טונקעלע טורעמס
שטייען שווער אין שטאָלגעשמידטן שווייגן,
און פון ווייטע כמורנע בערג אַהינטער
קומען קריכנדיקע כמאַרעס,
שלעפן אָן דעם ווינטער.

טיף אין שוואַרצן,
איבער טורעמדיקע ווענט, פענצטער, גראַטן.
אין שטומען, שווייגנדיקן גליווער
שוואַרצע קוימענס שטאַרצן,
ווי אָנגעלאָדענע
האַרמאַטן.

הונגער נאָגט מיך,
פרעסט און גריזשעט מיך באַצייטנס.
אַזוי גריזשען מיך די קוימענס ;
גלאָצן, לויערן אויף מיר,
פון דערווייטנס.

צעוואָקסענע שרעק
פון אויפגעטורעמטע שטיינערנע פאַבריקן
הענגענדיקע שטאָלענע געפלעכטן.
העט ווייט אַריבער יענע בריקן
וואַרטן יום-טובדיקע טעג,
פון אייביקן נעכטן.

קראַנקער אומרו
פיבערט־אויף, און ציטערט אין די אויערן,
לויערט שוין און קריכט פאַרבאָרגן
דורך אַלע ווענט און טויערן
פון גרויען מאָרגן.

גלאָקן־קלאַנג
האָט אויפגעבראָכן פרימאָרגנדיקן גליוווער,
און אויפגעוועקט מיילן אַרום,
און אויסגעכריפּעט קראַנק
זעקס מאָל: בום!

דעמפּ און רוי,
קומט דאָס ווידער־קול און רינגלט מיך אַרום, —
הייזעריק, פייכט און קאַלט ווי שטיין.
גרילצט און כריפּעט מיר אַזוי
אין סאַמע האַרץ אַריין
זעקס מאָל: בום!

שאַרף און שטייף
פייפט דער ערשטער קוימען, רייסט ער פאַסן
מיט אַ דינעם סווישטשענדיקן פייף
פון שווער פאַרשלאָפענע
ליידיקע גאַסן.

פייף פון קוימענס,
ווי דער אָנזאָג פון אַ לאַנג באַגערטן סוף,
האָט אויפגעטרייסלט, איבערגעשניטן,
דעם פרימאָרגנדיקן שלאָף
אין דער מיטן.

פייף פון קוימענס,
פראַל פון גראָבע טירן און פון טויערן,
שטראָם פון מידע מענטשן מענגעם
פון די כאַטעס, איבער גאַסן,
אין די מויערן.

מאַסן —
אין זיגזאַגישן געדריי —
שטראָמען, טאָפּטשען, טרעטן און צעטרעטן
אינאיינעם מיט דעם קלאָרן שניי —
זייער לעצטן שווערן שלאָף
פון די בעטן.

— — — — — — — — — — — — — —

אויף שאָסיי
יאָגט מיך נאָך, לויפט מיר מיט
דאָס קומענדיק געשריי
פון זייערע טריט.

1951

## וואוהין?

אַז אַלע ווייטן וועלן מאָרגן ווערן נאָענט,
און יענע נאָענטן וועלן שפּעטער טרייבן ווייטער;
און גיין מיט מיר וועט דער געשלאָגענער, וואָס מאָנט;
מיין גראָטעסקער גורל, מיין שטענדיקער באַגלייטער.

און אויף אַלע וועגן, וואָס איך האָב געטראָטן
מיט בעטנדיקע ליפּן, מיט שעלטנדיקע ציינער,
מיין קללה און מיין תפילה האָט האַסטיק אויסגעזאָטן,
ווי האָגל און ווי רעגן, אויף אָנגעגליטע שטיינער.

און הינטער מיינע וואַקלדיקע טריט געדעכטע,
וועט נאָכלויפן דיין פאַרלוירנקייט און בעטן תיקון:
פאַר טעג מיט גרינער זאָרג צעפּרעסענע, פאַרשוועכטע,
אַז איך זאָל דיך אַריבערפירן איבער בריקן.

אַז אַלע שוין דערגרייכטע ווייטן וועלן טרייבן ווייטער,
און ערגעץ איבער שליאַכן, וואו איך וועל זיך טראָגן,
מיין האָרבאַטער גורל, מיין געשלאָגענער באַגלייטער,
מיט דיין שטום געראַנגל, וועלן מיך דעריאָגן.

1956

# איי ער שכר

מיינע פריינט איטקע און אײַזיק

כ׳וועל קומען נאָך אַמאָל,
און נאָך אַמאָל וועלן אייערע טירן אָפן זיין פאַר מיר.
און איר וועט מיר אַנטקעגנקומען מיט אַ גרינג געמיט,
גרייטן אייער טיש, מיך וואַרעמען מיט אייער פרייד,
שענקען אייער געלעגער,
און טיילן זיך מיט מיין טרויער.

און נאָך אַמאָל וועל איך אַוועק אַ געבויגענער,
מיט שווערער לאַסט פון אייער גוטסקייט.
און גיין וועל איך באַגעגענען מיינע דאַכלאָזע נעכט,
מיינע באָרוועסע טעג,
און טראַכטן וועל איך לאַנג אין שטומער שטאַמלעניש
מיט טיפע ווייטיקן וועגן אייער שכר.

מיט טיפע ווייטיקן,
מיט פרייד —
און מיט צער.

1950

# ווידערקול

הינטער דיר —
נאַכט, אַ באַנהויף;
לאנגע קוילן־פּראַכטן,
קאַלטע וואָגלדיקע מיילן —
דריי פאַררויכערטע מעת־לעתן.

אַרום דיר —
אַ פּוסטער דאָרף:
פאַרלאָזטע כאַטעס צוויי,
אַ ברונעם, פיר טויטע פליגל פון אַ מיל;
פייכטע פינצטערניש, איינגעהילט אין שניי.

און פאָראויס פון דיר,
אַנטקעגן דיין געשטאַלט און הוילעך, —
פון ווינט און וויסטע וואָגל־טעג צעאַקערט —
האָט פלאַמענדיק פון ווייטן מיט קאָלירטע שרפות,
אַ טורעמדיקע שטאָט מיט ניאָן־ליכט געפלאַקערט!

פאַרבן — רויט, גרין און בלאָנד, — האָבן בלענדנדיק
די בלינדע פינצטערניש אינמיטן נאַכט צענומען.

ס׳איז געווען די יובעלדיקע שעה פון ניי־יאָר ;
— און דיין געבוירן־נאַכט, ווען דו ביסט אָנגעקומען.

גלעקער האָבן זיך צעהוליעט מיט בראַזגענדיקן בראָנז־געזאַנג,
אַן אָרגל פון אַ קירך האָט אויסגעשפּילט די צוועלפטע שעה ;
העלדזער פון אַנטשוויגענע סירענעס האָבן זיך צעעפנט
און אויסגעהילכט מיט מעש־געשאַל : דאָס ניי־באַגערטע יאָר איז דאָ !

מענטשן־שטראָם, פרייד־געשריי איבער שפּעטע ווינטער־גאַסן,
ווי דער אָנזאָג און דער אָנקום פון אַן אויסגעבענקטן חלום.
זינגענדיקע מיילער, ליפּן — מיט פּראַסטיק פרישער קלאָרער פּאַרע,
לויבן זיי מיט ווייסן אָטעם, ווי ווייַרויך צו אַ גאָט פון שלום.

די צוועלפטע שעה פון צוועלפטן חודש ! ווער עס האָט דאָס יאָר דערשלעפּט,
ווי אַן אַרעסטאַנט די לעצטע שווערע שעה צום טאָג פון זיין באַפרייען ;
און ווער עס האָט מיט זינגענדיקע טריט צום סוף פון יאָר דערטאַנצט,
און מיט זיכערער דערוואַרטונג נאָך אַמאָל אַ יאָר אַזאַ באַנייען !

פענצטער פון האָטעלן, טויזנטער, צעפלאַמטע, און איבער זיי —
טורעמס העל־באַלויכטענע אין וואָלקנס שאַרף אַריינגעשטאָכן,
פאַרגאָסענע מיט אויפגעשוימטע כוואַליעס שאַלנדיק געשריי —
ווי יובעל־געזאַנג פון אַ פאָלק, באַפרייט פון יאָרן לאַנגע יאָכן.

סטענגעס און באַלאָנען־פלאַנטער אויף טרעטנדיקע טראָטואַרן ;
גלימער פון פאַפּירענע לאַמטערנעס איבער ווייס־פאַרשנייטע דראָטן,

אַרומגערינגלט איבער גאַסן און איבער נאַכטיקע בולוואַרן,
און ווייט אַרום — אַ וועלט מיט פאַרבן-שפּיל פון ליכט און שאָטן.

לופטיקע באַלאָנען פּלאַצן ווי קאָלירטע זייפן-בלאָזן,
רייסן-אויף פון טעג פאַרגאַנגענע פאַרגליווערטע מינוטן,
ברעכן-אויף פון יאָר פאַרגאַנגענעם פאַרמשפּטע מעת-לעתן,
לאָזן לויז ווי שטראָמען אָפענע, פריי די פרייד פון זייערע בלוטן.

קעפּ, פאַרוואָרפענע אויף אַקסלען, הויבן, וויגן זיך און פאַלן.
פינגער לאַשטשען זיך מיט העלדזער, ליפּן האַלדזן זיך מיט באַקן,
יענע ליכטיקע געבענטשטע שעה, ווען פרייד פון אַלע קוואַלן
האָט לויטער זיך געצויגן צו נאָענטע, פרעמדע האַלדז-און-נאַקן.

ווייסע ווייכע שטילע שנייען פליען, פלאַטערן און פאַלן,
ווי דינער דריבנער זילבער-שטויב פון צוועלף צעפאַלענע לבנות,
הענט און שמייכלדיקע פנימער, פאַרריסענע צום הימל,
אָטעמען אַריין אין לונגען ניי-באַפליגלטע עקשנות.

שטיקער שניי אין פּראָסטיק-ברוינע הענט געשטרעקטע —
ווי אויפגעהויבענע מיט שוים-פאַרלאָפענע באָקאַלן,
מיט הימנעם צו אַ ווייסער וועלט אַן אויפגעוועקטער,
צום געבורט פון נייעם יאָר פון לויז-געוואָרענע כאַראַלן!

אַ שטאָט האָט יובעלדיק געלעבט, געיום-טובט מיט געזאַנגען,
געאָטעמט און געלעבט, ווען דו ביסט פאַרבייגעגאַנגען.

דיין אויסזען —
אַנטקעגן יענער יום-טובדיקער נאַכט —
גאָט, מיין גאָט!
ווי אַן אַלטער קראַנקער קוילן-טרעגער, אַ פּאַרסאַזשעטער,
אַנטקעגן לאַכנדיקע קינדער ביים שפּיל פון זומערדיקן טאָג.

לעצטע שמייכלדיקע שטראָמען פון אויפגעפּראַלטע קאַבאַרעטן,
אויסגעשעפּט פון פרייד-געזאַנג, — וויגן, וואַקלען זיך און טרעטן,
שלעפּן איבער ווייסע גאַסן שווערע שוואַרצע סילועטן.

שטיל-וויברירנדיקע טענער ברעקלען זיך אין קלאַנגען-שפּליטער,
ברעקלען זיך און ציטערן אין שווינדלדיקן שניי-געפּליטער,
דרייען זיך און שטריקן-אויס אַ פאַנטאַסטישן געוויטער.

קלאַנגען-שפּליטער, ווי פּאַרלוירן, זוכן ערגעץ-וואו אַריין,
דרייען זיך און בלאָנדזשען אום, פלאַטערן אויף לאַמטערן-שיין,
צוקן, צאַפּלען זיך און צאַנקען, פאַלן אָפּ און שלאָפן איין.

איינציקווייז לעשן זיך די פלאַמען
אויף גאַס און מויער-שטיין.
ווער עס האָט געהאַט דאָס גליק
אַהיים צו גיין צוזאַמען
און ווער פון זיי —
אַליין.

די דריטע שעה נאָך האַלבער נאַכט:
ווי טיר און טויער, — האָסטו געטראַכט,
איז דער הימל אויך פאַרמאַכט.

דער ציפּערבלאַט אויף טורעם-זייגער איז גרוי און טונקעלער געוואָרן.
אויך די ווייזערם — ווי דינע פּים — קריכן קראַנקע, ווי געפראָרן.

ווי אַ הונט האָסטו געבלאָנדזשעט, געציטערט און געוואָרטשעט,
און איך, דיין האַרץ, האָב פאַר ווייטיק זיך געקאָרטשעט.

ערגעץ־וואו באַהאַלטן, פון גאַסן און פון אַלעמען פאַרבאָרגן, —
שלעפנדיק די שווערע שעה׳ן צום ראַנד פון ווייסן ווינטער־מאָרגן.

יעדער אבר דיינער האָט קרענקענדיק געחלומט פון אַ בעט:
און דעמאָלט האָט פאַרבייגעשוועבט אַ וויגנדיקער סילועט!

אַ מענטש אַ וואַקלדיקער אין אַ גלאַנציקן צילינדער־הוט,
מיט ווייסע הענטשקעס און לאַקירטע שיך, אין אַ סורדוט,
אַ שוואַרצע פעלערינע אויף דער האַנט, הויך, דין, און בלאַס,
שיכור, רייך און איינזאַם, אין אַ טונקל חורבהדיקער גאַס.
פיבערדיק ביסטו אים נאָכגעגאַנגען, אָנגעשפּאַנט און קאַלט.
געלויערט, ווי אַ הונגערוקער לייב, איידער ער באַפאַלט.
דיינע ליפּן האָבן שטיל מיט גרינע רייד געציטערט און געברויזט.
אַ שטיין האָט אין דיין האַנט געציטערט, פאַרשלאָסן אין אַ פויסט.

און פון דעם ערשטן מאָרד און רויב פון יענע ווייטע אור־קוואַלן
האָט אין דיר אַ ווילדער דראַנג זיך דורכגעריסן צו באַפאַלן,
אַ כמאַרע האָט זיך אַ בראָך געטאָן און געגומען שפּאַלטן,
אַ שטערן פון אַ וואַלקן־רים מאַט מיט אַ ציטער זיך באַהאַלטן . . .
ווי אַ שלאַנגען־קאָפּ האָט זיך דער שטיין אין האַנט נאָך אים געצויגן.

נאָר פּלוצעם איז דער מענטש געבליבן שטיין, זיין קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
אַריינגעיאָמערט אין זיין ווייסן, שטייף־געפּרעסטן העמד ;
אין מיטן פון דער שטאָט, אין מיטן וועלט, אַליין און פרעמד.
דעמאָלט האָט אַ שפּרונג געטאָן — און דיר דעם וועג פאַרשטעלט — דיין שאָטן,
און איך, דיין גלויביק האַרץ — דיין גאָט אין דיר — האָב דיר פאַרבאָטן!

דעמאָלט האָסטו זיך אַוועקגעוואַקלט אַנטקעגנאיבער גאַס,
זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ פאַרשנייטער האַלב־צעפאַלענער פּאַס,
דעם קאָפּ געבויגן, אַריינגעוואָיעט אין דער נאַכט אַליין און פרעמד,
געיאָמערט מיט אַ הייזעריקן רים, ווי מען רייסט אַן אַלטע העמד —
און ביידע האָט איר פון דער טיף נאָך הילף גערופן צו אַ גאָט !
נאָר בלויז דער ווידערקול האָט אָפּגעענטפערט פון אַ פוסטער שטאָט.
געציטערט און געיאָמערט אין באַגינענדיקער ווינטער־קעלט
פון צוויי געפּייניקטע, וואָס באַווייַנען זיך אין אַ קראַנקער וועלט,
ביז ס׳איז לאַנגזאַם שטיל געוואָרן דאָס וויינענדיקע וואָיען,
ביז די שטילקייט האָט פון וויטן אָנגעהויבן בלויען !

1956

## מיין גרוס צו דיר

אין מיינע טונקעלע טעג
ביסטו, ווי אַ ווייסער פלאַטער, מיך פאַרבייגעפלויגן.
איך געדענק שוין ניט אַצינדער, ווי אַזוי עס איז געשען,
נאָר ווי אַ בלינדער דורך אַ שויב אַ מאַטער,
האָב איך פּלוצעם מיטאַמאָל דערזען
דאָס ליכט פאַר מיינע אויגן.

אין מיינע וואָגל־טעג
האָב איך דיך געזוכט, גערופן.
ביסטו געקומען ערשט מיט יאָרן שפּעטער,
ווען גרויע פעדים זילבערן זיך שוין אויף מיין קאָפּ,
צווישן טויטע בלאַנד־געקרייזלטע חלומות.
און געבליבן איז מיר בלויז פון דיר
אַ וויאַנענדיקער בלומענטאָפּ מיט זיבן רויטע בלעטער.

אין מיין וואָגל,
צווישן די פאַרשטויסענע, בלאַנדזשענדיקע גופן,

האָבן זיי צו עמעצן געבעטן, עמעצן געזוכט, גערופֿן.
דעמאָלט האָב איך פֿון מיין טיפֿעניש צו דיר גערופֿן,
ביסטו געקומען ערשט מיט יאָרן שפּעטער —
געקומען און פֿאַרשוואונדן.

שטיי איך ווי דיין וויאַנענדיקער בלומענטאָפּ
מיט די פֿאַלנדיקע בלעטער,
און איך וויג זיך, און דערמאָן זיך, און איך שטאַמל ווי אַ שטומער;
זיבן רויטע בלעטער האָבן זיך אַמאָל צעצונדן,
איצטער צאַנקען זיי אין חושך, ווי אַ טונקל־רויטער פֿלעק,
און באַלייכטן אין מיין שפּעטן זומער
מיינע זיבן וואָכעדיקע טעג.

1948

# גאַסן אין לאָס־אַנגעלעס

גאַנדאַלינאַ, — קאָרענאַנדאָ— קעלמאַנטאָרי
ווי די זינגענדיקע קלאַנגען זינגען אַלע אינדערפרי
ביז אין די שפּעטע זומערדיקע נעכט אַריין
דאָס געזאַנג פון האָליוואודער גאַסן,
וואָס ציען זיך אַוועק און שלענגלען זיך אַריין
אין די בלויע בערג פון בעווערלי.

„קאָרענאַנדאָ"
קרייציקט זיך פאַרביי מיט קאַרמעליטאָ
מיט אַ לייכטן פלאַטערדיקן פלי
האַלאָ־האַלי
און דרייען זיך זיגזאַגיש ווייס און ווייט אַוועק
און טרעפן זיך צונויף ביים גרינעם ים
פון „סאַן קליענטאָ" ברעג.

„גאַנדאַלינאַ"
גלימערדיקע עוועניו מיט שוי־פענצטער אויסגעצערטלטע,

מיט ווענט געשליפענע פון ריין קרישטאָלן־גלאָז.
שאָפערן מאַנירלעכע, קונדןווירדיקע,
רייד געמאָסטענע,
אויף וויגנדיקע קעפּ שוועבן שמייכלען ליכטיקע,
איינגעהילט אין לייכטע גרינגע טעג,
ווי אין וואואַלן דורכזיכטיקע.

קעל — מאַנ — טאָרי
אָ, העי! — פייפן יענע לימוזינען:
עס האָבן אַנדערע פאַר אונדז אַ תוך געפונען
און אונדז באַפרייט פון אַלע יאָכן.
און צווישן ברייטע, ווייס־געוואַשענע טראָטואַרן
אין סאַמע מיטן מאָנטיק־מיטוואָכדיקן אינדערוואָכן
זשומענדיק און זאָרגלאָז, זאַט מיט זיג־געזאַנג,
זינגען די גומענע רעדער אויף שפּיגל־אַספאַלט פון יענע בולוואַרן
און שלענגלען זיך אַריין מיט אַ גלימערדיקן צי
אין די בלויע בערג פון בעווערלי.

אָ, יענע פאַרביק־פליגלדיקע הייזער
אויף די בערג פון בעווערלי!
ווי פאַוועס און פלאַמינגאָס ריזיקע
מיט קעפּ פאַרריסענע.
אָט הייבן זיי זיך אויף מיט אַ בלענדיקן פלי
איבער פאַלמען־שפּיצן, איבער רחבותדיקע גאַסן

און קומען שוועבנדיק צוריק און שטעלן זיך אַוועק
אויף די בלויע בערג פון בעווערלי.
אויף יענע פליגלדיקע הייזער
שלענגלט זיך אַ ווייסער רויך פון יעדן קוימען.
דאָרטן רוען מיינע זיבן מאָל געבענטשטע שפּייזער,
און דאָרטן רויכערן טאָג-טעגלעך מיינע טרוימען.

„קאַהאַנגאַלאַי".
אַ גאַס אַן אָפּגעשלאָסענע,
מיט טויערן אייזערנע פון געדרייטע שטאַנגען,
אַריינגעשניטן אין די טיפע בערג,
מיט פּאַלאַצן ברייט-צעשפּרייטע און פאַרמאַכטע,
איינגעפונדעוועט נעבן ברייטע, גרינע לאַנען,
און פאַר די פענצטער אָפענע
אין מיטן פון אַ לאַנגן בלויען שווים-באַסיין,
מיט העלדזער אויסגעצויגענע שווימען ווייסע שוואַנען
אַרומגערינגלטע מיט שפּריץ פון שפּילנדיקן שוים
פון זיבן פאַרביקע פאָנטאַנען.

און ווייטער — מיילן ווייטער
איבער גאַסן, איבער עוועניוס, איבער געסלעך,
איבער טעמפּל-גאַס, איבער צענטראַל,
איבער מעין און איבער מעיפּל,

איבער נאַכט־אַזילן,
מיסיאָנערן־הייזער
אַראָפּ,
אַראָפּ,
אַראָפּ.
מיט דרייצן שאָטנס טונקעלער,
טונקלער מיט אַ דרייצן שאָטנדיק געמיט —
ווײַנען דורותדיקע חורבות,
עס געדענקט שוין קיינער ניט דעם טאָג פֿון זייער אויפֿקום,
און בענקען קרעכצנדיק נאָכן טאָג פֿון זייער פֿאַנאַנדערפֿאַל.

דאָרטן וואוינען מײַנע וואונד־פֿאַרוואַנדעטע.
זיבן זאָרגן זיך אין זעלבן שטיבל —
די אייביקע פּרנסה־יעגער.
אָטעמען אויף אַלץ מיט אַ קרענקלעכן פֿאַראיבל,
מורמלען עפּעס מיט אַזאַ מין פֿיבערדיקן זאָגן
אין ערשטן צאַפּל אויף די הילצערנע געלעגערס
ביים ברוך פֿון זייערע אײַלנדיקע פֿאַרטאָגן.
און ניט ווייט פֿון זיי
וואוינט מאַטילדאַ,
מײַן קראַנקע זעכציק־יאָריקע מאַטילדאַ.
מ י י ן מאַ־טיל־דאַ!

מאַטילדאַ!
כ׳וועל מאָרגן קומען נאָכאַמאָל צו דיר.
כ׳וועל אָפּקראַצן די בלאָטע
פון אונטער דיינע קליינע פענצטער צוויי.
כ׳וועל אָפּראַמען די פלעשער ליידיקע פון ביר,
און איינפלאַנצן אַ בוים אונטער דיינע קליינע פענצטער.
אַן אמתן בוים, מאַטילדאַ, מיט צווייגן און בלעטער.

היינט בין איך פאַרמאַטערט!

כ׳האָב נעכטן אויף דער נאַכט זיך אויסגעפּייניקט
ביז פיר אַזייגער פאַרטאָג.

ס׳האָבן מענטשן געטאַנצט, געזונגען און געפרייט זיך,
און איך האָב זיי סערווירט געבראָטענע פאַזאַנען,
רויטן וויין מיט געפרעגלטע קאָטלעטן
פון פריש־געשאָסענע הירשן.

מאַטילדאַ!
איך האָב אַמאָל געזען אין אַ קינאָמאַטאָגראַף,
ווי אַן אַלטער וואָלף האָט פאַרצוקט אַ שוואַנגעריקן הירש
אויפן סאַמע בראָכשטולביים געבורט פון איר קינד.
דאָס קליינע קעפעלע האָט זיך פון איר מאַמע־לייב
צו דער ווייסער וועלט געצויגן.

נאָר באַלד האָב איך דערזען צוויי וועלפּיש־פּייערדיקע אויגן
און באַלד האָב איך דערהערט אַ יאָמערלעכן קוויטש,
אַ ביינערדיקן ברוך, אַ ברומענדיק געבריל —
און באַלד איז אַלץ געוואָרן
טויט און שטיל.

כ׳בין דעמאָלט קראַנק געוואָרן, מאַטילדאַ,
קראַנק אַזוי ווי דו אַצינד,
צום פינפטן יאָרצייט פון דיין זון פאַרפאַלענעם
ערגעץ אין די בערג די ווילדע
צווישן פאַן־מאַן־דזשאַן
און פיאַנג־יאַנג.

מאַטילדאַ !
האָסט געזען אַמאָל פאַזאַנען פליען ?
מיט מיין קאָפּ פאַרריסן און מיט מיינע אויגן
האָט זיך מיין האַרץ נאָך יענער בלענדנדיקער ליכטיקייט געצויגן.
פעדערן מיט פלאַמענדיקן פליגל־פּאַך,
ווי רעגנבויגנדיקע פאַרבן,
האָבן וויגנדיק זיך אין דער בלויער לופט געבאָדן.
נאָר ניט ווייט פון מיר אויפן האַרטן באָדן
האָבן יעגער אָנגעהויבן קנאַלן.
אַ שאָס און נאָך אַ קנאַל.

דריי פּאַזאַנען האָבן זיך גענומען וואַקלען,
פלאַטערן, פלאָנטערן און פאַלן.
געוואָלט אַ פליגל עפענען
און ניט געקאָנט.
געזוכט זיך אָנצוכאַפּן אין אַ שטראַלן־שטריק
און ניט געפונען.
און אויף דער ערד האָבן זיך געצאַפּלט
שטיקער בלוט־באַשפּריצטע בלענדנדיקע זונען.

מאַטילדאַ,
גוט איז אונדז, וואָס מיר האָבן ניט קיין פליגל —
וועלן מיר שפּאַצירן גיין
איבער האַרטע וויים־געוואַשענע טראָטואַרן.
איך וועל דיך נעמען צווישן פּאַלמען און אַלייען.
איך וועל דיך פירן איבער גאַנדאַלינאַ,
קאָרענאַנדאַ, קעלמאַנטאָרי, קאַהאַנגאַלאַי,
ווען די רעגנדיקע טעג וועלן ווען פאַרביי —
ווען דיר וועט גרינגער ווערן,
מאַטילדאַ.

1957

# נאַכטיקע סילועטן

אין שענקלעך אָרעמע,
נעבן געסלעך אַלטע, מיט הייזלעך אויסגעקרימטע און האָרבאַטע,
פּאַרטרינקט מען שוין דעם טרויער נאָך אַמאָל מיט גראָשנדיקן וויין.
זיבן דאַרע יאָרן פּרעסן שוין די זיבן זאַטע,
מיט אַזאַ מין זויערער גריזשענדיקער פּיין.

אין געסלעך אָרעמע,
וואַנדלען־אום פאַרוואָגלטע און שלעפּן שווערע שטילע שפּאַנען
זקנים־יונגע, אויסגעמאַטערטע ווי אַלטע גאַסן־טרעגער,
איינגעוויקלט אין דעצעמבער־נאַכטיקע טומאַנען,
און זוכן אין דער פינצטערניש אַ שטיקל נאַכטלעגער.

אין דער פינצטערניש —
אין הינטער־געסלעך, איינגענורעטע אַרום אַלטע כאַטעס,
פּנימער און קליידער צעקנייטשטע, פאַרשמירטע מיט זאָרג און מיט קויט ;
ביי פענצטער פינצטערע, פענצטער פראָסטיקע, פאַרשטעקטע מיט שמאַטעס —
מענטשן, פרי־פאַרגעסענע, טרעגער מיט לאַסטן פון זיג און פון נויט.

נאַכטיקע סילועטן,
היימלאָזע געשטאַלטן, — האַלב-צעפּאַלענע געצעלטן,
שאַרן זיך פאַרשלאָפענע נעבן טירן, שוועלן,
אויגן זוכן, ליפּן שטאַמלען: בעטן אָדער שעלטן?
מיט בליקן דאָרשטיקע צו ווייטע און באַלויכטענע האָטעלן.

ביי אַ טונקעלן גאַסן-לאָמפּ
שטייט אָנגעשפאַרט אַ מענטש, און איבער אים פאַלט דער שניי.
עס דאַכט זיך אויס, אַזוי וועט ער שוין אַ פאַרשאָטנער דאָ שטיין,
מיט אַ מויל אַן אָפענעם, ווי אַ פאַרפרוירענער געשריי —
אַ ווינטער לאַנג, ביז דער זומער וועט קומען, ביז דער שניי וועט צעגיין.

פון אַ קעלער-שענקל
כריפּעט הייזעריק-פאַרזשאַווערט דער יאָמער פון אַן אַלטן אָרגל,
כריפּעט קראַנק און יאָמערט לאַנג, און גריזשעט ווי מיט טעמפּע זעגן;
ווי דער כאָרכלדיקער יאָמער פון אַ גוסס, וואָס הענגט אויף שטריק ביים גאָרגל,
און וועקט און ווײנט און ווערט פאַרפאַלן איבער פינצטערע גאַסן,
איבער נאַכטיקע וועגן.

פון טונקעלע קאָרידאָרן
קוקן זיי אויף אַלייניקע פאַרבייגייער מיט פאַרדאַכט:
צוויי וואַקלדיקע פיס, אַ הויקערדיק געשטאַלט, אַ היימלאָזער הונט;
צוויי נאָנעם איילנדיק פאַרביי, אַ מענטש אויף קוליעס, פאַרגליווערט אין דער נאַכט,
אַן אַלטע גאַסן-פרוי, און איך — מיט מאַנטל און שיך — אייער אויסגעפּוצטע וואונד.

כ׳בין ניט דער רייכער פּראַנט,
וואָס קומט צו אייך פֿאַנאַנדערטיילן גלאַנצנדיקע גראָשן.
איך פּראַווע יום־טובדיקע אָרעמקייט אין אַן אַנדער געגנט,
נאָר מיין פּלאַם פֿון האָפֿענונג ווערט אויך אַמאָל פֿאַרלאָשן,
ווען פֿאַרצווייפֿלונג איבער מיר פּלייצט און רעגנט.

אָרעמע קוואַרטאַלן!
ווי עס לעכצן נאָך אַ קלאָרן שטראָמענדיקן טייך
ביים זון־פֿאַרברענטן מדבר־וואַנדערער די צונג און גומען —
ציט מיך אָפֿט אַזאַ מין נאָגנדיקע בענקעניש צו זיין מיט אייך.
בין איך היינט נאָך אַמאָל געקומען.

1950

# אַ מענטש — אַ מדבר־בוים

אַ גאָרן אַראָפּ.
צעפּאַלענע טרעפּ, אַ קעלער־שענקל.
אויף פּייכטן ערדענעם דיל —
זאַמד און זעגעכץ.

אַ קאַרגער שיין.
אַרום — טונקל, פעט און פייכט,
קלעפּיק און געדיכט.

אַ ברודנער טיש.
אַ פאַרחלומט געל געזיכט.
צוויי ליידיק גראָבע גלעזער.
איבער זיי, סוף־זומערדיקע פליגן.

אויף די ווענט —
טויטער ווידער־קול פון רייד,
פון געשטאָרבענער באַגערטער פרייד.

דורך אַ וואַנט־ברוך —
גלאָצט פון דרויסן, קאַלט און פרעמד,
אַ כמורנער פּיצל מיטוואָך.

דער שענקער שלאָפט.
זיין פּנים מיטן גרויען קאָפּ,
אַראָפּגעזונקען אויפן לאַנגן שענק־טיש,
ווי אַ באַפאַלענער פון אַ פאַרגאַנגען אומגליק.

אין אַ ווינקל —
אַן איינגעבראָכן קרום געשטאַלט,
דעקאָרירט מיט גרינע קריגס־מעדאַלן,
שטייט אָנגעשפּאַרט, פאַרדרימלט, אויף אַ קוליע.

אָפּגעדרימלט —
שטרעקט ער אוים זיין גאַנצע האַנט,
שטרעקט ער אוים זיין צווייטע האַלבע ;
און ציט זיך אין דער הויך מיט אַ קראַנקן געניעץ.

זעט ער אוים —
ווי אויף יענעם שלאַכטפעלד, דער צעקרימטער מדבר־בוים :
זיין טויט־באַשיצער, ערגעץ אויף אַ וויסטער גרענעץ,
דער שטענדיקער באַגלייטער אין זיין טרוים.

1959

# איין מאָל אין אַ פּאַרנאַכט

נאָך אַזוי פיל יום-טובדיקן צער, נאָך אַזוי פיל וויסטער פרייד
איז איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט אויסגעגאַנגען אונדזער צייט;
שטומער יאָמער האָט אַראָפּגעווייגט פון דיינע הענט און מיינע ריפּן;—
ווערטער מיד און בלאַס, ווי שפּעטער בלעטער-פאַל, פון דיינע הייזעריקע ליפּן
האָבן שטיל און דין, ווי קאַלטע נאָדלען, מיין קראַנק געמיט געשטאָכן.
אַ סטענגע איז ביי דיינע פיס געלעגן, אַ קעמל — האַלב צעבראָכן,
אַ האָר-נאָדל צווישן דיינע פינגער האָט פיבערדיק געטאָן אַ ציטער,
און דו, אַ פאַרלוירענע ווי נאָך אַ וויסטן דאָרפישן געוויטער,
ביסט מיר נאָכגעגאַנגען, מיט פּחד אין דיין אבלדיקן אויגנבליק,
ווי מען באַגלייט אַ מענטש צו אַ ווייטן וואָגל-וועג, וואָס פירט ניט מער צוריק,
אַזוי דורך גאַסן, ביז פון אַלע טריט, וואָס איך האָב הילכנדיק באַגעגנט,
דערפילט האָב איך, ווי דיינע האָבן הינטער מיר שטיל זיך אָפּגעזעגנט.

שטיל זיך אָפּגעזעגנט!
נאָר ווערטער ניט-דערזאָגטע זיינען נאָכגעלאָפן, מיך נאָכגעיאָגט,
און פון אַלע דיינע לאַנגע געטאָ-יאָרן מיך אָנגעקלאָגט,
און נאָכגעיאָמערט האָבן הינטער מיר — פון דיינע קראַנקע שיך —
קולות פון די גאַז-פּאַרפייניקטע, וואָס דו האָסט מיטגעבראַכט מיט זיך.

אַזוי האָסטו מיך איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט פון שטאָט אַרויסבאַגלייט;
דו ביסט געווען מיין יום-טובדיקער צער, און איך — דיין ווייסטע פרייד.

איבער דער בריק בין איך געגאַנגען, איבער דער סאַן-פראַנציסקער בריק,
און נאָכגעשריגן האָבן די וויברירנדיקע שטאָל-געפלאָכטענע שטריק:
זיי שטאַרק, טראָג דיין לאַסט, טראָג מיט געבויגענע קני,
ווי ס'טראָגט אַ מאַמע אירם אַ קראַנק קינד מיט לויכטנדיקער מי.
וועק-אויף די כוחות, אין יעדן אבר דיינעם שלאָפט אַ באַהאַלטענער ריז!
האָב איך זיך געשטאַרקט, — געגאַנגען, — און געפאַלן פון די פיס.

איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט צו רוען אויף אַ ווייל, זיך אומגעקוקט;
פון וויטן האָט דער אָוונט שטיל און ציטערדיק זיך רויט צעצוקט,
אויפגעפלאַמט, און אָנגעצונדן איבער שטאָט האָט דער רויטער פלאַם:
טורעמס, קלויסטערס און פאַבריקן, האַפנס ביים פּאַסיפישן ים.
צוערשט אַ פייערדיקער וואָלקן-קנויל, אַ שטראָם פון מערב איבער מזרח-זייט,
נאָר ס'האָט דער אָוונט-ווינט פון ים דעם קנויל צעשפּליטערט און צעשפּרייט.
וואָלקנס האָבן זיך געבערעקלט, פאַרוואַנדלט זיך אין דריבנע שטיינער,
פאַרוואַנדלט זיך פון ברוכווארג אין סקעלעטן: שאַרבנס, קנאָכן, ביינער,
פּנימער פון זקנים, מיילער אָפענע צעקרימטע, פרויען נאַקעטע,
שייטערהויפנס, קעפּ מיט ברענענדיקע בערד צעפלאַקערטע,
טראָג-ברעטער, צעגליטע שטאַבעס איבער טירן, און ביי פאַרמאַכטע קאַמערן —
אַ פרוי מיט ביינערדיקע פינגער האָט זיך געגומען דראַפּען, קלאַמערן.
איז אָנגעלאָפן איבער וואָלקנס אַ מחנה ווילדע רייטער: —

דאָרטן האָב איך דיך געזען לויפן פון אַ פלאַמענדיקן שייטער.
אַ רייטער מיט אַ האַקנקרייץ האָט דיך גענומען שלעפּן, קאַטעווען,
און דו האָסט אויסגעשטרעקט צו מיר די הענט, איך זאָל דיך ראַטעווען.
נאָר באַלד האָט זיך אַ וואָלקן־שיף באַוויזן, ווי פערלמוטער מאַט און ווייס,
מיט באַלויכטענע לאַמטערנעס, אויף שטריק, באַהאַנגענע פון שניי און אייז ;
מיט שמייכלדיקע פּנימער פון ריזן, מיט געפאַרבטע פענער אַלערליי,
און דו אויף הענט געהויבענע פון פרייד און יובלדיקן אויסגעשריי.
די וואָלקן־שיף איז אָפּגעשוואומען, אַ כמאַרעדיקער חלום איז אַוועק !
געבליבן איז אַ טונקל־גרויער שוים, און נאָך דער שיף —
אַ בלוטיק־רויטער פלעק.

נאָר פּלוצלונג —
אַ לאַנגער גרילצנדיקער פייף פון אַ ווייטער שטאָטישער פאַבריק,
און נאָכאַמאָל בין איך געשטאַנען אויף דער אייזן־קאַלטער בריק.

פון ווייטנס איבער אַלע גאַסן האָבן טיר און טויער זיך צעפּראַלט.
דערנאָך, און איינציקווייז, האָבן קוימענס פון פאַבריקן זיך צעשאַלט,
און יעדער פייף איז שנעל און שאַרף אַן אַנדער שאָל דעם וועג פאַרלאָפן,
ווי אָנצוזאָגן פריער דעם נויט־סיגנאַל פון קומענדיקע קאַטאַסטראָפן.
הענט און פּנימער רייסן זיך פון טירן, שפּאַרן זיך אַרויס פון טויערן,
פאַרלאָזן טונקעלע געביידעס פון ציגל־ווענט און טורעמדיקע מויערן,
ווי אַנטלאָפענע פון קוילן־שאַכטעס, געראַטעוועט פון טויט־געפאַרן, —
ציען זיך און שטראָמען איבער ברייטע ענג־געפּאַקטע טראָטואַרן

אונטער אַ פֿלאַמענדיקן וואָלקן־ברוך, באַגאָסענע מיט רויטע פֿאַרבן —
אַן אַלטער פֿאַרהייליקטער גאָט פֿון פֿראַצע גייט אָפּ מיט בלוט ביים שטאַרבן.

און איבער זייערע קעפּ — אַ טורעמדיקע שטאָט:
פֿאַבריקן איבער קלויסטערס, פּאַלאַצן איבער בערג, טורעמס איבער טורעמס,
ווי אַרויפֿגעשליידערט פֿון פֿאַנטאַסטיש־ווילדע, שווינדלדיקע שטורעמס,
מיט פֿענצטער פֿייערדיקע, צעפֿלאַמטע מיליאָנען קאַנדעליאַבערס בליצן
און שימערן איבער הענגענדיקע בריקן, איבער ווייטע פּאַלמען שפּיצן
און שמייכלען טרייסטנדיק אויף אַלטע כאַטעס, באַוואָקסענע מיט מאָך.
אַ האַפֿן־שטאָט אין האַרבסט מיט אַ יום־טובדיקן פֿאַרנאַכט אינמיטן וואָך —
איינגעוויקלט אין ווילדן אָוונט־גאָלד פֿון אַ זון שוין האַלב־פֿאַרזונקען;
אַ טורעמדיקע שטאָט ביים ים אין גלימערדיקע פֿאַרבן איינגעטונקען.

אַזוי פֿיל אויסגענאָגטע קראַפֿט, אין אַ טאָג פֿון פֿאַרגאַנגענע שעה׳ן,
דאָס אייביקע געיעג נאָך ברויט, פֿרייד און רו, פֿון בראשית אָן;
פֿון מיין אורפֿאָטער אין דזשאָנגל־לאַנד דורך שטורעם, היץ און אייז, —
ביז מיין טאַטן — געשלעפּט זיך איבער דערפֿער זוכן שפּייז.
אַ שטיק פֿון אייביקייט האָט געדויערט, פֿון אורוואַלד — אונדזער קינדער־וויג —
ביז מיר זיינען אָנגעקומען דעם לאַנגן וועג צו אָט דעם ווילדן גליק.
און ווי אין אורוואַלד רעוועט, ווילד־ברוטאַל און טיף — טאָג־אויס, טאָג־איין —
אין אונדזערע לירישע געדערים דער הונגעריקער יאָמער פֿון וועלן זיין.

אַזוי פֿיל רעגנבויגנס האָבן בלענדנדיק געפֿלאַסן און געפּלייצט,
נאָר ס׳האָט דאָס פֿאַרבן־שפּיל פֿון דעמער ווי אַ פֿרעמדער יום־טוב בלויז געררייצט.

געבויגענע, מיט הענגענדיקע הענט, שווער פאַרמאַטערט און געלאָסן
האָבן מענטשן־שטראָמען זיך אַראָפּגעלאָזט פון בערגיק־קרומע גאַסן, —
ווי נאָך אַ לאַנגן טאָג מיט שווערן מאַטער פון בלוטיקע משפּטים,
דער שווינדלדיקער האַנדלס־טאָג האָט אויסגעדעכעט שוין זיין לעצטן אָטעם.

אונטן, פונעם אָפּגרונט, האָט אַרויסגעשטאַרצט דער שטיינערנער גיגאַנט —
דער תּפיסה־בנין אַלקאַטרעז, — דער טייוולס־אינדזל פון אונדזער לאַנד.
רויטע כוואַליעס האָבן ווילד און ביסטרע, ווי פאַרסמטע לייבן־קעפּ, —
מיט גרינעם שוים געביסן פון דעם בנין די שטיין־געהאַקטע טרעפּ.
ס'האָט אָוונט־פלאַם מיט הייסן קופּער און צעשמאָלצן מעש דעם פעלז געברענט,
געפלאַקערט און געברענט און האָט די ווענט פאַרברענען ניט געקענט.
פעלז איז שטאַרק און שטאַרק איז אויך דאָס וואָרט, וואָס האָט באַפוילן,
נאָר שטאַרקער נאָך פוןביידן פרעסן יענעם פונדאַמענט די טליענדיקע גרוילן.
אָוונט פאַלט.
אַ בלאַסער פאַרביקער געמיש פון אַ לאַנגן אָפּגעקילטן רעגנבויגן,
באָרדאָ־געפלעקטע דינע פאַסן קילן מיינע האַלב פאַרבלענדטע אויגן.
אַ וואָלקן רוקט זיך אָן און כמורעט זיך פון טונקל גרוי אויף שוואַרץ,
דערנעענטערט זיך, און וויקלט זיך מיט טרייסט און טרויער אַרום מיין האַרץ,

ס'איז טונקעלער געוואָרן.

און איך —
איינגעהויקערט ווי אַן אַלטער גאַסן־טרעגער, מיט לאַסט געבויגן,
האָב זיך געלאָזן גיין מיט שווערע טריט און פאַרלאָפּענע אויגן:

מיט שטומען ווי פּאַר יענעם אַלטן גרויען תפיסה־שטיין,
וואָס וואַרט אַן אייביקייט אויף אַ דערלייזונג אין מיטן ים אַליין:
מיט קולות פון די גאַז־פּאַרפייניקטע, מיט דיינע געטאָ־טעג,
וואָס יאָמערן איבער אַלע ימען ביז אַהער צום מערב־ברעג;
מיט טעג פון פּראַצע, וואָס וויאַנען איבער גאַסן לאַנג־צעשאָטענע,
צעקנייטשטע און צעטראָטן טאָג נאָך טאָג פון פרי ביז שפּעט געטראָטענע, —
מיט דעם גוססן געוויין צווישן דיינע ווענט — אַלקאַטרעז.
מיט שווערן פּאַק אויף מיין געמיט, שווער ווי טויטע משא פון אַ מת —
בין געגאַנגען אונטערוועגנס מיט שליאַכן איבער אומבאַקאַנטע וועגן
מיט מיין אייגן פּיצל צער דורך נאַכט, דעם קומענדיקן טאָג אַנטקעגן.

1955

# קידוש לבנה

דעם דיכטער אַלטער עסעלין

זילבער־גרוי,
ווי דיין צעריסן וואָלקן־קלייד,
אומעט־בלאַס, ווי דיין געשטאַלט,
ליכטיק דין, ווי דיין שמייכל, —
שטיי איך פאַר דיר.

טיף ווי מיין פּיין;
לויטער ווי מיין פרייד;
שטיל ווי די איצטיקע שעה,
צי איך זיך צו דיר.

וויקל מיך איין,
אין דיין זילבער בלאַסן שאָטן
היל מיך איין.

אָטעם איבער מיר.

אַזוי ווי אַמאָל,
אין מיין יינגלדיקן אויפקום,
מיין אָנהויב זיין;
אַ פאַרגאַפטער אינמיטן וועלט,
מיין ערשטער שטאַמלדיקער ציטער
צו יענעם פאַרגאַנגענעם מולד.

פאַרפרי האָסטו מיך פאַרפלאָנטערט.
מיט נויט און ברויט און לבנה געזאַנגען.

לאָז מיך לענגערן מיט דיר:

כ׳טאַנץ אוים דיין רייץ
מיט הענט געהויבענע דיר אַנטקעגן,
הינטער קרומע פענצטער
פון הינטערגעסלעך,
אַלע חודש אויף דער נאַכט.

כ׳זינג אוים דיין חן
הינטער נאַכטיקע טירן
פון טונקעלע הויפן:

שלום עליכם —
צו אַלע די וואָס ראַנגלען זיך מיט שעה׳ן נאַכטיקע,
פון טעג באַפאַלענע.

ציען זיך הענט פֿאַרמאַטערטע דורך די פֿענצטער,
זע איך פּנימער פֿאַרזאָרגטע זיך צעשמייכלען,
הער איך שטימען ענטפֿערן פֿאַרחלשטע :

עליכם שלום,
קעניג פֿון די נאַכט-וואַנדלער,
טרובאַדור פֿאַרוואָגלטער,
פֿריד צו דיר.

שלום עליכם,
פֿון מיר דיין פּרינץ דער יידישער פֿון דלות ;
צו דיר מיין טרויעריקע פּרינצעסין.
ליכטיק פּנים פֿון דער וועלט.

1956

# מיין שכן דער פּאָעט

אַ גאַנצן אינדערפרי גייט אים נאָך זיין זינגענדיקער צער,
קריכט און שלעפּט זיך הינטער זיינע טריט.
ווי אַ פאַרפּלאָנטערטער אין דינעם פּלאַנץ פון האַרבסט-געוועב,
פּלאָנטערט זיך נאָך אים זיין בלוי געמיט.

צוזאַמען מיט זיין שטילער תּפילה, ניט גענאַרט צו זיין פון טאָג,
פאַלן זיינע שעה'ן שווער און גרויער.
צוזאַמען מיט זיין בענקעניש זיין געלעגער צו באַגעגענען —
וויינט און וואַקסט אין אים זיין טרויער.

אַרויסגעשלייכט זיך אינדערפרי מיט פערזן אין אַ דיקן העפט,
מיט האָפענונג אויפן דריטן טאָג,
האָט איצט די קאַלטע גרויע וואָר, ווי אַ כמאַרנער ווינטער-ווינט,
נאָכאַמאָל אויף אים געטאָן אַ יאָג.

ער שפּאַנט און הערט דאָס ווידער-קול פון נעכטיקן געבייזער שרייען:
דו האָסט שוין ווידער צוגעזאָגט,
צום צענטן מאָל שוין צוגעזאָגט — און דאָס קול דערנענטערט זיך
און דאָס קול האָט אים דעריאָגט.

ווי אַ קראַנקער שלעפּט ער זיינע פּיס און רעדט צו זיך אַליין:
וואָס וועט דער דריטער טאָג מיר ברענגען?
עס דאַכט זיך אים, אַז ביי זיין שטיבל זעט ער אויף דער טיר
אַ קאַלטן שווערן שלאָס דאָרט הענגען.

אַזוי פיל פּנימער קוקן אויף אים, אַזוי פיל אויגן ווייזן פון דעם,
אַז ס'הענגט אַ שלאָס אויף זיין טיר.
אַ פאַרשעמטער מיט אַ קראַנקן שמייכל גייט ער מיר פאַרביי,
פאַרבאָרגן קערט ער זיך אַוועק פון מיר.

אפשר וועט דער אָוונט ברענגען, איידער נאָך דער טאָג פאַרגייט,
פאַר דעם וואָס וואַרט און האָט געמאָנט.
נאָר מיט יעדן מידן שפּאַן, רינען רגעס פון דער צייט;
און די ווייטע אָוונט-שעה איז נאָענט.

ווינט און רעגן-טראָפּנס פלאָנטערן אַרום דעם פלאַטער פון זיין קאָפּ,
שרייען אין די אויערן, ווילדעווען און שאַלן:
האָסט נאָכאַמאָל שוין צוגעזאָגט, ס'הענגט אַ שלאָס דאָרט אויף אַ טיר,
ס'וועט היינט די שטאָט אַ קאַלטער שניי באַפאַלן.

אַ געפאַנגענער פון ווידער-קולות, אַ באַפאַלענער פון הונגער,
שטייט ער ווי אַ שרעק-געשטאַלט צעוואַכט;
מיט פּחד, אַז אַזוי וועט ער ביז מאָרגן וואַכן מיט זיין חלום,
היטן ווי אַ וועכטער אין דער נאַכט.

צוזאַמען מיט די איילנדיקע נאָך אַ לאַנגן טאָג פון שווערער מי,
פאַרמאַטערטע, געבויגענע אין דרייען —
אַן אויסגעשעפּטער, אין מיטן פון זייער איילנדיק שטום געשריי —
הערט ער אויך זיין אייגן לעבן שרייען.

זעט ער פנימער פאַרזאָרגטע, אַזוי פיל העלדזער פרי־צעקאַרבטע,
לויפן אַקסלען קרומלעך איינגעבויגן;
טראָגט ער זייערע קנייטשן אויף די באַקן, און זייערע זאָרגן —
אַרום די רינגען אונטער זיינע אויגן.

טראָגט ער זייערע ראַנגלדיקע טעג אין זיין פערזן־העפט,
זייער צער און פרייד אין ריטמישע געזאַנגען;
די מי פון זיינע וואַכע נעכט, די שפּייז פאַר זיינע דאַרע טעג —
זייער זיסער מאַטער פון טעגלעכע געראַנגלען.

גאַסן ווערן ליידיקער און גרעסער, זינגט נאָך אַלץ פון אים אַרויס
דאָס געזאַנג פון האָפענונג און שרעק;
ווי די האָפענונג און שרעק פון אַ פאַרבליבענעם אויף אַ שיף־ברוך,
וואָס ראַנגלט זיך און זעט פון ווייט אַ ברעג.

— — — — — — — — — — — — — — —

אַ לאַנגן טאָג אַרומגעוואָגלט, שטייט ער איצט אַ געשפּאַנטער
נאָכאַמאָל ביי טיר פון אַ פאַרלעגער,
ווי אַ פאַרלאָזטער פון אַ פרוי שטייט ער מיט ווייטיק פאַר זיין שוועל,
און וואַרט מיט האָפענונג אויף אַ בריוונטרעגער...

1958

# אַ רינגעלע, אַ פּאַסיקל, אַ פלעק

ביים קעמפּוס טויער
האָבן יובלדיקע קולות זיך צעשאַלט;
צעשטראַלטע פּנימער פון אַכצן־יעריקע
וויגן זיך, ווי קעפּ פון מאָן אין זומערדיקן מאָרגן־גלי.

ביכער פאַלן.
בלעטער פליען אין דער לופטן —
שוועבן שטיל אין לייכטן ווינט, ווי ווייסע טויבן,
פלאַטערן אַראָפּ און לאַטשען זיך ביי זייערע פיס.

אַן אַלטער גייט פאַרביי.
אויף זיין פּנים — רויע, אָפענע פּאַגאַדעס;
וויינענדיקער ווינט־געוואָי פון וואָגלדיקן וואַנדער.
אונטער זיינע אויגן — רינגען פון געראַנגל,
יאָמער פון ירידה,
פון פאַלן און פון וועלן אויפשטיין.

אײַנגעמידט
מיט זײַן װײַסן קאָפּ געבױגן,
שלעפּט ער שטילע, שװערע טריט.
קניט און קלײַבט די בלעטער אױף.

און װי אַ בלינד און שטומער,
װאָס האָט אַמאָל דאָס װאָרט און דאָס ליכט פֿאַרלױרן;
זוכט ער, שאַרט מיט זשעדנע הענט,
קוקט אױף אותיות מיט הונגעריקע אױגן.

— קינדער מײַנע.
אַ מענטש האָט זיך געמאַטערט צו פֿאַרשרײַבן,
איז אַ זינד צו װאַרפֿן —
אַנדערע װעלן דאָס אַמאָל באַדאַרפֿן;
מוז מען דאָס צוזאַמענקלײַבן,
און באַהאַלטן.

ליבלעכער געלעכטער.
— זײדע:
פֿון קינדװײַז אָן, פֿון אָנהױב קלאַנג, פֿון ערשטן װאָרט,
קומען מיר אַהער.
איז הײַנט דער סוף פֿון אונדזער לערן-צײַט!

אַ בלאָנדער בחור שטאַמלט אױס מיט בלאַסע ליפּן,
טרױערט אױס מיט בלױע אױגן:

— ליבער אַלטער,
ס'איז איצט די לעצטע שעה פון געזעגן־צייט.
מיר גייען זיך פאַנאַנדער —
און באַזונדער.

דער זקן שמייכלט.
פון זיינע ליפּן טרוקענע טריפן טרייסטנדיקע ווערטער:
— אין אָנהויב איז געווען דער קלאַנג, דערנאָך — דאָס וואָרט,
געווען אַן אָנהויב, געווען; וואונדער איבער וואונדער!
אַ סוף? — ניטאָ קיין סוף,
איז ניטאָ שוין קיין באַזונדער.

לויכטנדיקע פּנימער רינגלען אים אַרום,
אויגן אויפגעוועקטע, פאַרכלינעטע מיט נייגער;
צוויי דינע מיידל־הענט גלעטן צאַרט זיין ווייסן קאָפּ.
— ליבער זיידע,
פאַרשרייב דיין נאָמען אויף דעם ערשטן בלאַט פון מיין געדענק־בוך.
געדענק־ביכלעך אין צעפּראַלטע הענט פאָכן אין דער לופטן;
בליישטיפטן אין וויברירנדיקע פינגער פיבערן אומגעדולדיק.

דער אַלטער שרייבט:
אַ רינגעלע, אַ פּאַסיקל — אַ פלעק.
זיבעציק־יעריקע קאַרבן אויף זיין צעאַקערט פּנים

שמייכלען שטיל פֿאַרשעמט, מיט פֿינגערלעכן באַדויער:
— קינדער ליבע, אַ מענטש האָט ניט געלערנט!
[illegible]

טראָפּנס שוויס אויף זיין צעקנייטשטן שטערן
פינקלען ליכטיק קעגן זומערדיקן האַלבן טאָג;
און מיט זיין ווייסן קאָפּ, געבויגן צו דער יונגער מחנה,
שאַרט ער הינטערווײַלעך זיך צוריק —
און גייט אַוועק.

פֿנימער געלאַסענע פון אַכצן-יעריקע,
קוקן אין די ביכלעך, שטוינען, — גאַפֿן:
אַ רינגעלע, אַ פּאַסיקל, —
אַ פלעק.

1956

# אין אַ פאַרוואָרפענער קאַפע

דורך פענצטער אָפענע
גרינט אַריין די רו פונעם שטילן, לאַנגן ים־גום.
שטילקייט שטראָמט און שושקעט, פליסט און פליסטערט פלום נאָך פלום
איבער ווייס־געדעקטע טישן, איבער זון־פאַרברוינטע געסט,
וואו רייד געוואויגן און געמאָסטן. און שטיל איז דאָ בשעת מען עסט:
פרויען ריידן מיט די אויגן און מיט אַ שמייכל פון אַ ליפּ,
מענער מיט געצאַמטער האַלטונג טרינקען מיט אַ שטילן זופּ.

מיט האַלב־פאַרמאַכטע בלויע אויגן אַ זקן אין אַ טיפן טרוים;
ווי עפּעס וויל ער זיך דערמאָנען, נאָר עס דערמאָנט זיך קוים...
אַ גרוי געלאָקטער פרויען־קאָפּ מיט ציטער פון אַן אויגן־גלאַנץ
באַוואונדערט אויף אַ בלומען־טאָפּ אַ רויטן שפּראָץ פון יונגן פלאַנץ;
אַ מאַן זיצט אָפּגעזונדערט אין אַ ווינקל — מעכטיק, ווי אַ ריז,
עסט שעמעוודיק, צוריקגעהאַלטן, לאַנגזאַם, ביס נאָך ביס.
אַ דאַמע איבער אַ געבראָטן טייבל, שניידט פאָרזיכטיק מיט אַ זילבערן מעסער,
מיט מורא, אַז דאָס טייבל וועט אַ פלי טאָן און אַ געשריי טאָן: „פרעסער".
קעלנער מיט געהיטע טריט, טרעטן ווייך און שושקען צו,
ניט אויפצוואוועקן אין האַלבן טאָג די זיסע, זומערדיקע רו.

און שטיל ווי אין אַ טעמפּל
דרימלען מעשׂיות לאַנג־פאַרגעלטע אויף די ווענט פון אַלטע בילדער,
ווי ס'וואָלט אַהער נאָך ניט דערגרייכט געוויין פון קראַנקן וועלט־געפילדער.

אין אַ בראָנז־באַגילטער ראַם:
אַ גרויער האָריזאָנט, ס'איז פאַר אַ שטורעם, אַ כמורנער אינדערפרי,
ווייסע שעפּסעלעך טוליען זיך אַרום דעם פּאַסטעכס קני.

אין מיטן פון אַ וואַנט —
אַן אָוונט־פעלד, הארבסט, טונקעלע וואָלקנס, פאַרנאַכטלעך בלאַס;
נאַכט קומט אָן, ערד, זאַמד און שטיינער, אַ לאַנגער מדבר־פּאַס;
אַ מענטש, אַן איינגעבויגענער אַליין, הינטער אים — זיין הונט,
לינקס, אַ זילבערנע לבנה,—געוואָלט האָב איך אַ געשריי טאָן: „שונד"
נאָר באַלד האָב איך גענומען שעפּטשען: געבענטשט און זיבן מאָל געבענטשט
זאָל זיין דער הונט, וואָס היט די טריט פון אַן איינזאַם שטילן מענטש.

אַ ליכטיקער געמעל:
אַ תּפילהדיק געזאַנג צו דרויסנדיקער וועלט, ווי פּאַרביק שיין!
נאָר שענער פונעם דרויסן וועט שוין קיינמאָל קיין געמעל ניט זיין.

אין דרויסן פון דער ווייטן:
אויפגעלויכטן, בליט בלענדנדיק אַ זומערדיקער האַלבער טאָג;
קלאָר, קיל און דין, דורכזיכטיק, ווי דורכגעוואַשן גלאָז,
און איבער גרינע בערג — ווילעם פּאַרביקע גלימערן פון ווייטן,
אַרומגערינגלטע מיט לאַנגע ליכטיקע פון פריש־געשניטן גראָז.

אַנטקעגן, פאַר מיין פענצטער, ביים זייט פון שטילן פליסנדיקן ים־פּאַס,
צעפּרוכפּערט ליגט אַ פעלד ; ברוין און גאָלדן־געל, צייטיק און צעוואַקסן ;
מיט אויפגעוועקטער פרייד און פלאַטער, צום שאָרך פון קומענדיקע שניטער,
רייף מיט טוי פרימאָרגנדיקן, רייף מיט זומער־זון און רעגן־שלאַקסן.

אויף אַן אָפענעם באַלקאָן אַן אַלטער — איינגעהילט, אַליין,
זאַט מיט זומערס און יום־טובים, אַ באַרואיקט און באַזעלטער,
לעבט איבער, אפשר נאָך אַמאָל, די פרייד פון טעג פאַרגאַנגענע,
צוזאַמען מיט דער פרייד פון ווייב און קינד, און איצט, די פרייד פון עלטער.

ביים ראַנד פון בערג און ווילעס, פאַרביקט זיך פאַרביי דער פלוס פון טייך :
זינגט, שווייגט און פלאַפּלט ; שפּיגלט זיך און שטיפט, אייביק יונג און פּיפיק,
לויפט פון ערגעץ אָן, איילט און פינקלט, ציט זיך ווייט אַוועק און בלייבט
אין איין האַרמאָנישן געזאַנג — דער שפּילנדיקער אויסגוס פון פּאַסיפיק.

און איבער אַלץ — אַ וועלט אַן אָפענע, אַ זומערדיק צעבליטע,
אַן אויפגעפּראַלטער הימל, זון און שאָטן, בערג און ים־געזאַנג,
אין אַ געגנט מיט דעם קלינגענדיקן נאָמען : „סאָסאַליטאָ",
אַזוינס, נאָך וואָס עס בענקט דאָס האַרץ אין אונדז אַ לעבן לאַנג.

ווייטער צווישן ים און הימל, אַ דריי צי פיר מייל פון דאַנען —
טונקעלע קאָנטורן פון אַ שטאָט, ווי דורך אַ וויסן, דינעם פראָסט,
אויפגעטורעמט און איינגעהילט, אין טעגלעך קנויליקע טומאַנען.

וואַלקן־טורעמס אויפֿגעשפּיצטע, ווי הויכע, ווייסע זעגל־שפּיצן,
ווי זעגלען פֿון פּיראַטן־שיפֿן, פֿאַרבליבענע פֿון אַלטע צייטן;
ביים זייט, פֿאַרוואָרפֿן הענגט אַ בריק, ווי ים און האַפֿן צו באַשיצן.

איבער דער מײַלן־לאַנגער בריק, אַ ברייטער שטאָל־געשמידטער אָרק:
הויך און ריזיק, האַלב־געבויגן, מעכטיק, מוראדיק מאַסיוו.
הענגט אויף שטאָל־געשמידטן אָרק — די בריק אויף זיין געזונטן קאַרק.

פֿאַרביי דער שטאָל־געפֿלאָכטענער בריק, שווימען שווערע האַנדלס־שיפֿן,
יאָמערן מיט נויט־סיגנאַלן, זוכן בלינד דעם וואַסער־וועג,
פֿאַרלוירענע, — און קומען ווידער אויף פֿון נעפּלדיקע טיפֿן.

נעפּלען קנוילן זיך, ווי סמאָלע, ראַנגלען זיך מיט זון און ווינט,
לויפֿן נאָך, ווי שוואַרצע פֿלאַכטעס, דעריאָגן און באַפֿאַלן,
וויקלען ווידער איין די שיפֿן, ביז די לעצטע שיף פֿאַרשווינדט.

זון האָט זיך מיט רייץ צעפֿלאַקערט, ווינט האָט זיך מיט וואָי צעשטורעמט;
רייסט די קנויליקע טומאַנען, צעפֿליקטע פֿליען זיי און פֿאַלן,
האָט נאָך אַמאָל די האַפֿן־שטאָט פֿון נעפּל זיך אַרויסגעטורעמט.

ביסלעכווייז צעקריכן זיך די דין צעדריבלטע טומאַנען
און לאַנגזאַם הויבן זיך אַרויס: אַ וואַך־טורעם, אַ רויטער מויער,
פֿישער־שיפֿן, האַפֿנס, די סאַן־פֿראַנציסקער בריק, און ביי דער זייט —
אַן אינדזל־פֿעלז אַ ריזיקער, אַ כמורנער און אַ טונקל־גרויער.

די תפיסה אַלקאַטראַז! אַרויסגעשיילט זיך גרויזאַם, נאַקעט.
וויפל מאָל כ׳האָב זי געזען; פאַרנאַכט אין בלוטיק־רויטן בלענד,
אַמאָל, אין רעגנדיקע טעג, פאַרפרי אין מיין געאייל, אַמאָל פון בריק,
און איצטער נאָך אַמאָל — פון אַ פרעמד ווינקל זי דערקענט.

אוי ווי מען זעט אַמאָל אין אַ שווערן פיבער־קראַנקן חלום
אַן אויסטערלישע חיה, גייט און גייט און דערנעענטערט זיך צו דיר,
ווילסט לויפן און דו ביסט געליימט, ווילסט שרייען און דו קענסט ניט;
אַזוי האָט זיך אַצינד מיין פחד גענומען וויקלען אַרום מיר.

און ווי אַ מענטש, ווען ס׳טוט אים עפּעס באַנג און פילט זיך שולדיק,
האָב איך שטיל גענומען שטאַמלען פיבערדיק און אומגעדולדיק:

אַנטלאָפן היינט פון אייגענע און נאָענטע, צו זוכן ערגעץ־וואו
אַ שטילן ווינקל־אָרט צו פאַרגעסן און פאַרוויגן זיך אין רו,

איז ווי אַ שוואַרצער שאָטן וואָלט ערגעץ מיר פאַרבייגעפלויגן, —
כ׳׳בין בלויז פאַרבייגעגאַנגען, האָט מידקייט מיך אַריינגעצויגן,

מיד פון צער מיין אייגענעם און פון קראַנקן וועלט־געשריי
צו־רוען ווייט אָפּגעזונדערט, אין פאַרוואָרפענער קאַפע.

און וויפל פרייד ס׳האָט מיך אַרומגענומען די לעצטע, קורצע שעה —
האָט תפיסה מיך אַצינד דערמאָנט, דער פייניקער איז אַלץ נאָך דאָ.

ווי דאָס אויסזען פונעם אינדזל שרעקט מיך, אַזוי דאָס גוססע געוויין
דורך די ווענט פון שוואַרצן הקדש, דער קוואַל פון זייער גרינער פּיין.
ס׳האָט איינער מיט אַ פּאָס אַרום זיין האַלדז, זיין האָפענונג דערוואָרגן,
און וויפל ראַנגלען זיך אַ לעבן לאַנג, מיט האָפענונג אויף מאָרגן!

מ׳האָט נעכטן מיט אַ עלעקטרישן שטראָם אַ מאַמע פון אַ קינד פאַרברענט,
ס׳האָט יענע שקיעה פייערדיק געפלאַקערט איבער הויכע תפיסה-ווענט,
הינגעריכטעט ליגט אויך די פרייד פון קינד, ערגעץ אין אַ ליידיק הויז,
עס וואַרטן אויגן צוויי און קוקן דורך אַ טיר אַן אָפענער אַרויס.

וויפל מאָל עס שטאַרבט דער גנב פאַר שרעק אינמיטן פון זיין רויב,
און וויפל מאָל בין איך אַליין געשטאָרבן, — אָ, גלויב מיר, גלויב —
צוזאַמען מיט די טויט-פאַרמשפטע, ביינאַכט אויף מיין געלעגער,
מיט ווייטיק פון געשלאָגענע, פון וועכטער — די באַצאָלטע שלעגער.

ווער עס עסט אַצינד זיין לעצטן מאָלצייט, דעם לעצטן און אַליין,
און הערט אין טויטן-צעל, דורך גראָבע ווענט, זיין לעצטן טאָג פאַרגיין,
און הערט דאָס קלימפּערן פון שליסלען, ווי פאַרן איבערפאַל פון קלאַפּער-שלאַנג,
דער קאַלטער קלימפּער פון די שליסלען, דער אָנזאָג פון זיין טויטן-גאַנג,
און זעט אַ הייליקן אין ווייסן קיטל, וואָס שענקט אים טרייסט און בענטשט,
באַלד קומט אָן אין שוואַרצן פראַק — פאַר לוין געדונגענער — אַ מענטש.
און ברענט פון אים דאָס לעבן אויס, און לאָזט אים שוואַרץ ווי קויל,
מיט אַ דורכגעברענטן שאַרבן און מיט אַ שוואַרץ און אָפן מויל.
דער תליון גייט אַהיים, שמייכלט צו זיין ווייב, שפּילט זיך מיט זיין קינד,

און מיר, צעגריזשעטע פון רויען צער, ווי וואונדן אָפענע אין ווינט,
טראָגן ווייטיקן אין זיך פון טויטנס לעצטן געדערעמדיקן דריי,
וואָס ער האָט אונדז געלאָזן, מיט זיין צעברעכנטן, לעצטן אויסגעשריי,
וואָס שפרייט זיך, ווי פאַרסממטער פחד און דרינגט אין אונדז שטיל און שטום.
מיר שרייען פונעם שלאָף ביינאַכט און גייען קראַנק בייטאָג אַרום.
און ערגעץ ביי די רודערס קערעווען קאַפּיטאַנען אונדזער זיין,
דעם גאַנג פון יעדן אָטעם לעבן, יעדן ריר פון אונדזער ביין.
און ערגעץ אין פּאַלאַצן, קלינגען די באָקאַלן מיט פרייד צום זיג
און לויב צו די געפאַלענע, דער שטאָלץ פון זייער לעצטן קריג.
און זינגען הימנעס מיט פאַרמאַכטע אויגן צום הייליקן געזעץ,
און בוקן זיך צום שטראַלנדיקן גאָט, דעם גאָט פון געלן געץ.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ ווינטל וועקט פאַרביי, אָנגעזאַפּט מיט קילער לויטערקייט,
קיל, ווי פרישע וואַסער-טראָפּנס פון אַ זומערדיקן רעגן:
אויפגעוועקט מיך פון מיין קראַנקן, ניכטערן קאָשמאַר,
פון צער צעווייטיקטן, פון מיין צעפייניקט ענטפערן און פרעגן.

אומבאַמערקט איז דאָס טאָג-ליכט, מיט אַ טונק, טונקעלער געוואָרן:
זון צופּט אויס פון אַ ווייסן וואָגל-וואָלקן רויטע, דינע דריבלם.
גייען מענטשן שווין פון ים-ברעג — ווי קינדער פאַרן שלאָפן גיין —
מיט שאָדן-טרויער אויף די באַקן, און אין די אויגן, צערטלעכע פּאַראַיבלם.

אָפּגעווענדט די אויגן מיינע,
מיד פון קלערן און פון טראָגן מיין פאַרשטיקט געשריי —

האָב איך זיך נאָך אַמאָל דערזען ביים פענצטער אין קאַפע.
די זעלבע פּנימער, ווי זיי וואָלטן דאָ אַן אייביקייט געזעסן,
אַזוי ווי איך — שמועסן און טרינקען, שמייכלען נאָך און עסן.

אַ מענטש מיט דינע,לאַנגע פינגער צייכנט אויף אַ ווייס פּאַפּיר,
און מיט באַהאַלטענער איראָניע קוקט פון צייט־צו־צייט אויף מיר...

אַ פרוי מיט צערטלעכן באַדויער:
דער גאַסט איז קראַנק, לעבט אפשר ערגעץ איינזאַם, ווי אַ שטיין,
געזעסן דאָרט די גאַנצע צייט, און גערעדט צו זיך אַליין.

דער טאָג פאַרגייט
און איבער אַלקאַטראַז האָט זיך צעשפּרייט אַ כמאַרע שוואַרץ און גרויס
ווי אַ שוואַרצער פליגל־ריזיקער פון אַ פלעדער־מויז.

און איבער מיר גייען איצטער אויף — פון אַלע תפיסה־ווענט —
ווידער־קולות נאָך הילף־געשריי, מיט אויסגעשטרעקטע הענט
פון אַלע די געפייניקטע, פון אַלע ווינקלען איבער אונדזער ערד,
וואו אונדז איז נאָך — מיט אַ פרייד־געפיל — צו לעבן דאָ באַשערט.

1957

# וועגן אַ בלויען באַגינען

אין בלויען באַגינען, —
מיט דעם ערשטן ליאַרעם פון מיין אַלטן גרילצנדיקן וועק-זייגער,
צוזאַמען מיט אַ ווייט-פאַרשטיקטן פייף פון אַ פאַבריק,
הער איך דורך די ווענט פון מיין מעבלירטן צימער:
דאָס זשאַווערדיקע קרעכצן פון די אַלטע בעטן,
דאָס פּליושקנדיקע וואַסער פון די קראַנען,
שנעלע באָרוועסדיקע שווערע שפּאַנען,
פיבערדיקע קלימפּערן פון שליסלען,
אַ פענצטער מיט גראַגערדיקן רוק,
קוויטש פון פאַרקייכטן הוסט,
אַ נאַסער הייזעריקער כראַק,
טירן מיט אַ בייזן האַק,
קרעכצנדיקע טרעפּ,
לויפנדיקע קעפּ,
איך נאָך זיי.

ביים פענצטער אין קאַפע,
שנעל שלינגענדיק די הייסע קאַווע, —
האָט פון דער ווייט דער מזרח זיך צעצונדן.
ווילט זיך קניען פאַר רויט-צעפלאַמטער לאַווע,
און ס'שווינדלט מיר אין קאָפּ.

אין דרויסן זע איך הימל־טורעמס וואַקלען זיך און וויגן,
אַרום מיר מויער־ווענט בויגן זיך און ברעכן,
לויפן פיס, הענט צעשראָקענע פאָראויס,
לויף איך אין דער קאַטאַסטראָפע.

און איילנדיק
יאָגט מיך נאָך אַ קול,
אַ לאַנג־צעצויגן הילכיק קול,
וועקט און מאָנט, זיי זאָלן צאָלן;
צאָל! צאָל פאַר נעכטן און אַמאָל,
פאַר היינט און פאַר אַלע נעכטיקע אַמאָלן.

אַ קול אַזאַ האָב איך געהערט וואָס האָט געמאָנט,
אַמאָל אין מיינע בלוטיק־בלאָנדע יינגל־יאָרן,
מיט צענדליקער טויזנטער בלויע באַגינענס צוריק,
פון אַ מעכטיקן אָראַטאָר ביים פאַבריק,
צי אפשר נעכטן אויפדערנאַכט
פאַר אַ חודש דירה־געלט?
כ׳געדענק שוין ניט.

נעכטנס! — וואָס ווילן זיי פון מיר?

נעכטן אָפּגעשניטן פון אַ געהאַנגענעם דעם שטריק,
אַ גיבור, צו זיין ניין־און־צוואַנציקסטן געבוירנטאָג.

נעכטן? — וואָס רעד איך, וואָס!
ס'איז געווען מיט ניין-און-צוואַנציק יאָר צוריק.

שפּרינג איך אַריין אין אַן אָמניבוס
און גיב אַ שנעלן שפּרונג אַרויס.
מיינער איז אַ גרינער מיט אַ נומער 29,
ניין-און צוואַנציק? — ? — ?

אייל איך זיך אַוועק צופוס,
ביז איך פאַל-אַריין אין אַן אייזערנעם פאַרמאַכטן קאַסטן,
און ער פליט מיט מיר אַרויף אויפן צענטן גאָרן,
עפנט זיך אַ שמאָלע טיר און שפּייט מיך אויס,
עפנט זיך אַ ברייטע טיר און שלינגט מיך איין.

וואַלצן גרילצן,
שאַל פון אַלע ווענט.
מיט טעמפּן שטאָל-געשריי
שלאָגט די אומרו אָן אַן ענד.
ציין פון גרויסע גראָבע רעדער
גריזשען זיך אַריין אין קליינע רעדער
בייסן, צווינגען און באַצווינגען זיי צו דרייען.
ביז דאָס טויבע בראַזגענדיקע גרילצן פון פאַבריק
גיט נאָכאַמאָל מיין קראַנקן וואַקלדיק-צעהיצטן צאָרן
אַזאַ צעטומלטן פאַרוויג.

אזוי ווי פאַראַיאָרן,
אזוי ווי נעכטן,
אזוי ווי היינט.

אזוי ווי מאָרגן ?
— — — — — — — — — — — — — — —

אָ, בלויער באַגינען !
רויט-צעפלאַמטע פייערדיקע לאַווע !

1958

# פ י נ ג ע ר

גייען זיי פאַרביי זיין הויז —
שטעלן זיי זיך אָפּ,
שאָקלען מיט די קעפּ,
טרויערן —
און זאָגן:

אַ קינד געווען,
אַ מאַמען געהאַט,
אַ לעבן לאַנג מיט פרייד געוואַרט,
און די פרייד מיט ווייטיקן געטראָגן...
אויפגעוואַקסן, אַ מאַן געוואָרן, —
און פאַרשיקט אַ מענטש אויף דער תליה!

קערן זיי זיך אָפּ,
קומען אַנדערע און זאָגן
רייד אַזעלכע וואָס באַקלאָגן,
רייד וואָס וויינען אין די אויערן;

דרינגען אַריין די פֿאַרפּייניקטע רייד
דורך ציגל־ווענט — פֿון גאַס אין הויז.
טרייבט עס אים אַרויס פֿון הויז.

שלייכט ער זיך אַרויס דורך הינטער טיר, —
גיי איך אים נאָך.

דערזעט מען אים אין גאַס,
מעסט מען אים אָפּ מיט שפּיזלדיקע אויגן;
קערן זיך אָפּ, שושקען זיך,
טרויערן —
און זאָגן:
פֿאַרשיקט אַ מענטש אויף דער תּליה!

גייט ער אַריבער די גאַס —
גיי איך אים נאָך.

קומט ער אַנטקעגן די מענטשן אין גאַס —
מיידט מען אים פֿאַרביי.

ווינקען זיי זיך איבער,
טייטלען מיט די פֿינגער,
שטאַמלען מיט די ליפּן,
צוקן מיט די אַקסלען,

ווײַנען מיט די אבֿרים,
טרויערן און זאָגן:
פֿאַרשיקט אַ מענטש אויף דער תּליה!

שפּאַנט ער אַוועק פֿון גאַס —
שפּאַן איך אים נאָך.
דאַכט זיך אים: איך שפּאַן אים נאָך,
דאַכט זיך אים: מען טײַטלט אויף אונדז ביידן —
שרעקט ער זיך פֿאַר מיר
און קען זיך ניט מיט מיר צעשיידן.

לויפֿט ער אַוועק פֿון גאַס —
לויף איך אים נאָך.

יאָגן אים נאָך די רייד,
שפּיזן אים דורך די אויגן,
שרײַען אים נאָך די מײַלער,
צישן צעפּײַניקטע צינגער,
קומען אַנטקעגן די פֿינגער,
ציטערן די ליפּן:
פֿאַרשיקט אַ מענטש אויף דער תּליה!

שטעלט ער זיך אָפּ —
בלײַבן זיי אַלע שטיין

קערט ער זיך אום —
פליען זיי אַלע אַוועק.

און שטעלן זיך אויף דעכער,
זעצן זיך אויף פענצטער,
גלאָצן דורך די שויבן,
קוקן פון די טירן,
טייטלען מיט די פינגער,
סודען זיך אויף ביימער,
שושקען זיך אויף בלעטער,
און שאָקלען מיט די קעפּ:
פאַרשיקט אַ מענטש אויף דער תליה!

איבער אַלע גאַסן, מויערן, ווענט:
פויסטן!
שטריק!
הענט!
פינגער,
פינגער,
פינגער: —
האָסט פאַרשיקט אַ מענטש אויף דער תליה!

קערט ער זיך אום אויף צוריק —
נעמט ער לויפן,

קומען אַנטקעגן געפלאָכטענע שטריק,
מיט אָפענע שלייפן;

פייפט אַ קוימען פון אַ ווייטער פאַבריק:
פאַרשיקט—אַ—מענטש—אויפן—שטריק!

טונקלט דער טאָג,
לויפט ער אַריין אין אַ פינצטערן הויף —
לויף איך אים נאָך.

פראַלט מען פאַנאַנדער פון אויבן די פענצטער,
שטעקט מען אַרויס די קעפּ פון די פענצטער;
רופן זיך איבער פאַרשלאָסענע ליפּן,
פרעגן פּנימער מיט פיינלעכן טרויער:

געזען?
פרעגן אויגן מיט קראַנקן באַדויער:
געדענקסט?
ענטפערט אַ שוואַרצער פאַרמאַטערטער קאָפּ פון אַ פינצטערן פענצטער:
ס'האָט איינער געטראָגן אַ ליכטיקן חלום פאַר מאָרגן, —
איז געקומען אָט־דער און זיין ליכטיקן חלום דערוואָרגן —
פאַרשיקט אַ מענטש אויף דער תליה!

קומט ער אַהיים אויף דער נאַכט —
קום איך אים נאָך.

פאַלט ער אַוועק אויפֿן דיל —
אַ פֿאַרשטיינערטער פֿון רייד,
אַ צעוויטיקטער פֿון צינגער,
אַ באַוואָרפֿענער מיט שטריק,
אַ צעשטאָכענער פֿון פֿינגער,
אַ צעשפּיזלטער פֿון אויגן, —
ליגט ער אַזוי
ביז פֿאַרטאָג.

זעצט ער זיך אויף —
זיצט ער אַזוי:
אַ געבויגענער, הענט אויף קנאָכן,
אַ פֿאַרטריבענער, אָן אָפּגעזונדערטער,
אַ פֿאַרמשפּטער,
אַליין.

שטעלט ער זיך אויף,
גייט ער אַרויף אויפֿן בוידעם —
גיי איך אים נאָך.

נעמט ער אַ שטריק,
פֿלעכט ער אַ שלייף, פֿאַרקניפּט ער מיט קניפּ,
הויבט ער דעם קאָפּ צום סופֿיט,
זוכט ער — און קוקט אויף צוריק.

כאַפּ איך זיין האַנט און ווייז מיט זיין אייגענעם פינגער:
אַט איז אַ באַלקן אויבן דאָרט איבער דער טיר.
פאַרוואַרפט ער דעם שטריק אויפן באַלקן דאָרט איבער דער טיר,
וויינט ער, און קוקט ניט אויף מיר.

קריכט ער אַרויף אויף אַ לייטער, —
און גלאָצט אויפן שטריק.

זאָג איך צו אים: וואָס וואַרטסטו?
אין אַ שעה אַרום וועט נאָכאַמאָל אָנהויבן טאָגן,
און מענטשן אַרום דיין פענצטער
וועלן נאָכאַמאָל קומען —
און קלאָגן...

איצט איז דיין שעה פון דערלייזונג,
איצט איז די איינציקע ליכטיקע רגע
פון דיין טונקעלן לעבן־רייף.

פאַרציט ער דעם שלייף.
— — — — — — — — — — — — — — —
ס'האָט קיינער ניט געזען דאָס קלאָגן
פון צען צעשפּרייטע טויטע פינגער
איבער זיינע הענגענדיקע קני
ווען ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן.

איך האָב געזען
דעם שלייף פֿון געפֿלאָכטענעם שטריק אַרום זיין בלויען האַלדז ;
איך האָב געזען אַ יונגן גרויען קאָפּ אויף אַ באַלקן הענגען ;
זיך וויגנדיק אַראָפּגעבויגן.
איך האָב געהערט
דעם ברוך און קנאַק פֿון ביין פֿון זיין דערוואָרגענעם נאַקן,
און אונטער זיינע אויפֿגעריסענע פֿאַרגלייזטע אויגן
צוויי קאַסאָקע באַקן.

איין באָק האָט געיאָמערט נאָך רחמים,
די אַנדערע —
האָט שמייכלדיק געוויינט.

דורך אַ שפּאַרע פֿונעם בוידעם
האָט שפּראָץ פֿון אָנהויב טאָג
זיך דורכגעריסן,
אַריינגעשיינט !

1955

# נאָקטורן

לבנה-געוועב אויף טורעמס און הייזער,
איבער נאַכטיקע גאַסן, ווי זילבערנער שניי;
אויף שטאָטישן זייגער טונקעלע ווייזער,
שטייען און דרימלען און ווייזן אויף צוויי.

דאָס ווייטע געזאַנג פון נאַכט-קאַבאַרעטן
פאַלט לאַנגזאַם פאַרחלשט ביי טירן פאַרמאַכטע —
וואו הימלאָזע ליגן אויף ערדענע בעטן,
איבערגעדעקט מיט לבנהקער פלאַכטע.

ביי צעפאַלענע פענצטער, צעבויגענע דעכער,
פאַרשלאָפענע פאַלמען וויגן און וועקן;
אויף צווייגן און בלעטער, ווי צעריסענע פעכער,
זילבערנער פלאַטער פון לבנהקע פלעקן.

איך הער מיינע טריט, קוים ווי זיי גייען
אין זיגזאַגישן וואקל ווי אַ שיכורער זעלנער.
איך שלעפּ זיך אַהיים אַליין — אין צווייען:
שפּעטער פּאָעט און פאַרמאַטערטער קעלנער.

מיט טעג אין געראַנגל אַ געשלאָגענער ריטער, —
נאָר עס וואַרט נאָך אַ מאָרגן ביים שוועל פון מיין טיר.
און עס וואַרטן שוין איצט מיינע נאַכטיקע גיטער: —
אַ שטוב אויפן בוידעם, פּען און פּאַפּיר
און אַ זילבערנער דאַך איבער מיר.

1955

# שטיל לעבן

אַ טיש, אַ באַנק, אַ שטול,
צוויי אַלטע בעטן — שווער און שטיל,
אַן אויוון, אַ נאַקעטער דיל.

ער און זי —
און קיינער מער — נישטאָ;
אָפּגאַנג פון דעצעמבערדיקן טאָג,
סוף אָוונט שעה.

דורכן פענצטער אויף הילצערנע כאַטעס
בלאַנקט־אויף אַ לעצטער אָוונט־גלי.
אַ שיין, אַ שימער פון מעש,
אַ רגע. און באַלד —
אַ פאַרלעש.

אָוונט פֿאַלט.
רוי קומט אָן די נאַכט צו שפּאַנען.
דרויסן האָט גענומען וועבן, שטריקן —
טונקעלע טומאַנען.
פֿון ווייטן גלאָצן קאַלטע קוימענס פֿון פֿאַבריקן.

ער און זי,
צווישן פֿיר פֿאַרלאָזטע ווענט,
אַ לעמפּל ברענט.

אויפֿן טיש: אַן ערדענע שיסל,
אַ קילע פּאַרע פֿון קאַרטאָפֿל מיט קרויט,
אַ לעבל ברויט.

אויף אַ ליימענעם טעלער
ליגן פֿאַרלעגערטע גאָרטן־געוויקסן:
אַ האַלבער רעטעך וואָכעדיק און רוי,
אַ בלאַסער מער, ווייך און אויסגעטריקנט,
אַן אוגערקע, וואָס איז לאַנג שוין געל געוואָרן,
צוויי צעקנייטשטע פּאָמידאָרן.

ער און זי:
ביים טיש, ביים וואַרטנדיקן אָוונט־ברויט,

געבויגענע, וויינט אויף זיי די קראַנקע לאַסט
פון אָפּגעלעבטער מי.

אַרום זיי
אויף אַלטע ליימענע ווענט —
אַ גיפּסענער גאָט
און בילדער דריי:

איבערן בעט
אַ פּאָרטרעט פון אַ יונגן סאָלדאַט:
אַ בלאָנדער קאָפּ, אַ זיגרייכער שמייכל;
ברייטע אַקסלען זינגען
מיט גבורהדיקער זיכערקייט און רו —
באַלדיקן נצחון.

איבער אים
אַ בלאַסע פאַרהייליקטע פרוי
מיט אַ שמייכל מוטערלעך און ליכטיק דין —
קוקט מיט גלעטנדיקע אויגן מילד און בלוי,
און דריקט צום האַרצן צו אַ קינד.

אין אַ ווינקל
אַן אָפּגעבליאַקעוועט געמעל:
אַ זקן ביים אַריינגאַנג פון אַ שוועל

איינגעוויקלט אין אַ מאַנטל לאַנג און שוואַרץ,
אַ קייט אויפן האַלדז, אַ צלם אויפן האַרץ,
קניט מיט אויסגעשפּרייטע הענט;
בענטשט דאָס אָרעם הויזגעזינד
און דאַנקט דעם אייביקן פֿאַר זיין טעגלעך ברויט.
און איבער דעם געמעל פֿון גרייז
טונקל צאַנקט אַ קנויט,
שפּרייט שטילע שווינדלדיקע שאָטנס אויס,
זיי פֿלאַטערן ווי פֿליגל פֿינצטערע פֿון פֿלעדערמייז.

זי —
קוקט אויפֿן יונגן סאָלדאַט מיט אויגן פֿון ליכטיקן טרויער.
אין אַ ווינקל פֿון מויל, אַ ציטער פֿון וואָן,
שעפּטשעט שטאַמלדיק און שטיל:
אַ יונגע געווען, אַ מאַן
אַזוי ווי דו —
אַ ריז!

ער —
אַ באַוואַקסענער,
מיט אַן אָפּגעדעקט האָריק לייב,
ציטערט צערטלעך צוויי געציילטע ווערטער:
מיין ווייב!

ער און זי — און איבער זיי
אָנגעצויגן וואַרט געשפּאַנט
און אָנגעלאָדענע
די רו.

זי —
מיט אַ פֿינקלדיקער טרער קוקט אויף דער,
וואָס דריקט צום בוזעם צו דאָס קינד.

ער —
מיט פֿאַרשלאָסענע ליפּן און צונויפֿגעפּרעסטע הענט,
שטום און שווער;
איינגעהאַלטן קוקט אויף דעם, וואָס בענטשט דאָס הויזגעזינד.

1955

# אין יום-טובדיקן טאָג

הויך און יובלדיק
האָט היינט דער גרויסער זומערדיקער טאָג
זיך איבער מיר געטאָן צעשפּאַלן.
איבער מיר — און איבער מחנות שמייכלדיקע פּנימער
יום-טובט היינט די פרייד.
און רייד, רייד!
עס רעגנט היינט מיט אַזויפיל זינגענדיקע רייד
איבער שטראָמענדיקע גאַסן, איבער אָפענע וואָקזאַלן,
איבער אויפגעפּראַלטע האַפנס,
איבער מויערן, ציגל-ווענט און שטיין.

נאָר דאָס לאַנגע, דינע, וואָגלדיק געוויין
פון ווייט-פאַרנעפּלטע געשטאַלטן
מיט בלאַנדזשענדיקע קולות צוויי —
זיינען מיך אין גאַס אין מיטן העלן טאָג באַפאַלן.

וואָס ווילן זיי?
וואו זאָל איך זיך באַהאַלטן?

אָ, וויפל מאָל בין איך שוין היינט פון גאַסן פריידיקע
צו זיך אין צימער־צעל געלאָפן,
אַז ווענט פון צעמענט, ווי די ווענט פון דער וועלט
זיינען אָפן.

נאָכאַמאָל די טרעפּ,
נאָכאַמאָל די שוועל,
און נאָכאַמאָל די פיר פאַרצוימטע ווענט,
אַ געטריבענער פון די, וואָס כ׳האָב זיך אָפּגעווענדט,
פאַרשלאָסן ליג איך דאָ, ווי אין אַ תפיסה־צעל,
וועל איך דאָ שוין ליגן
אויף מיין בראָך־שטול, וויגן זיך און וויגן.

זיי קומען שוין ווידער!
נאָכגעלאָפן איבער דערפער, שטעט, און וואָגלדיקע יאָרן.
איבער מיינע ברענענדיקע בריקן,
אויפגעפלאַקערטע פון מיין פיינלעכן זכרון, —
טריט און אומרו קומען נעענטער,
נעענטער, נעענטער,
און דערקענטער.

רגעם פֿאַלן אָן:
רגעם — רויטע פֿונקען צינדן אָן די אָוונט־שעה׳ן,
שקיעה פֿלאַקערט שוין איבער מיין שגעון,
באַלד וועלן פֿלאַמענדיקע פֿענצטער,
ווענט, סופֿיט און טיר
זיך ברעכן איבער מיר.

אָוונט גליט.
איצטער, אין מיין פֿיינלעכן אַנטלויף, —
אָ, טליענדיקע ליולקע מיינע,
דינער שלענגלדיקער רויך!
וויקל מיך אַרום
און קרייזל מיך אַרויף
און נעם מיך מיט!

1959

## ביים טיש פון אויבנאָן

דריי פרויען זיצן ביים געדעקטן טיש,
און איך — פון אויבנאָן.
זעקס שאַטנדיקע אויגן קילן מיין באַגערטע פרייד
און טרויערן נאָך דעם,
וואָס וואָלט געדאַרפט היינט זיצן ביי דעם טיש —
זיץ איך ביי דעם טיש,
נאָר ס'איז ניט ד ע ר, וואָס וואָלט געדאַרפט היינט זיצן ביי דעם טיש.
דער —
איז אַמאָל אַן אַנדערער געווען,
געווען — און ניט געוואָרן.
צווישן מיר און זיי —
אַ פאַרלאָזטע בריק פון אָפּגעפרעמדטע יאָרן.
ווען,
ווי אַזוי,
פאַרוואָס?
פרעגן שטילע פּנימער, פרעגן שטומע ליפּן,
פרעגן אויגן מיט אַ דינעם ציטער.
און ווער וועט היילן צער פון קינד
פון דעמאָלט אָן —
ביז אַצינד.

טראַכט איך —
פֿײַנלעך ביטער:

דאָס וואַרטנדיקע, דאָס אומפּאַרמײַדלעכע,
דער צער און פֿרייד פֿון אײַערע קומענדיקע יאָרן
וועלן אפֿשר אַלץ פֿאַרהײַלן און דערקלערן,
און אפֿשר ווי עס איז דערקלאָרן.

דאַכט זיך —
אײנע ענטפֿערט
מיט אַ פֿאַרקלערטן קנייטש אין שטערן:
הײַלן הײלט זיך מיט פֿאַרגעסן
און ערגעץ ווען לאָזט זיך ניט פֿאַרגעסן ווערן.

אַ וויי־געשריי —
אײן מאָל אויסגעשריגן —
קאָן מען ניט צוריק פֿאַרשלינגען.

דרײַ פֿרויען זיצן בײַ דעם טיש.
אײנע בלויז —
די וואָס האָט די צוויי געבוירן —
אַן אַרײַנגעוויטיקטע אין זיך,
צופּט אַ שטיקל ברויט,
און שווײַגט פֿאַרלוירן.

מיטאָמאָל —
אַ ווירבלדיק געמיש אין מיין זכרון,
ווי בלעטער אין אַן אַלטן טאָג־בוך פון אַ געפּייניקטן,
אַ שרייענדיקער שטראָם פון ראַנגלדיקע יאָרן,
מיט טעג געשליידערטע, ווי דערנער אין אַ מדבר־ווינט
פון מיין ערשטן דרויסן —
ביז אַצינד.

„טאַטע".

צוויי ווייטע קלאַנגען האָבן מיך געטאָן אַ וועק,
מיט פרעמדער פרייד און שטילער שרעק
מיך צוריקגעבראַכט צום טיש
אויפן זעלבן אָרט.

ווער האָט אויסגערעדט דאָס וואָרט?

אויגן זיינען מיך באַפאַלן:
מעסער,
לעפל,
גאָפל,
זיינען אין די הענט געבליבן הענגען,
ווי אויסגעדרייטע פראַגע־צייכנס
אַנטקעגן מיר געשפּיזלט:

פאַרוואָס האָט ער אַרויסגערעדט דאָס וואָרט?
ווער איז ער און וואָס טוט ער דאָ דער פרעמדער?

אַז באַלד ביי זיין אַריינקום, ביים באַגעגענען,
מיט פיינלעכע פּאַראַבלם אים געדאַרפט באַרעגענען.

איך קוק זיך אום —
אַלע ליפּן זיינען שטום.

אויף טונקעלע אָוונט-ווענט
אַ זשמעניע זשעדנע ליכט קיל און קאַרג —
פון אַ זינקנדיקער זון ביים לעצטן קרייז
פאַלט פון פענצטער-פאָרהאַנגען אַריין,
טריפט רויט-געפלעקט אויף אַ ווייס-געדעקטן טיש,
אויף בלאַסע טעלער אָפּגעקילטע שפּייז,
אויף אַ בלויער פלאַש מיט ווייַן.

און איך —
אַ פאַרפּלאָנטערטער
אין שווערן שאָטנדיקן שפּיל
פון אויגן, ליפּן, ברעמען, באַקן,
געפאַנגען זיך אין מיטן פון אַ שטומען משפּט.

1958

## צו דער ליידיקער פלאַש

הימלשע ראַקעטן,
גרויסע גדלותדיקע מיסילם !

וואָס און וועמען זוכט איר דאָרטן אויבן
אין דער טונקל-בלויער איינזאַמקייט
ענדלאָז צווישן טויטע וועלטן לאַבירינטן.
ס׳איז קיינער דאָרט פון אונדז נישטאָ,
מיר זיינען אַלע אונטן !

איינזאַם און אַליין, אַזוי ווי איר זייט אויבן —
בין איך דער קראַנקער אָדלער אויף דער ערד.
מיט מיין לעצטן דאָלאַר אין מיין טאַש —
רייד איך פילאָסאָפיש טיף פאַרגולמט
צו דער ליידיקער פלאַש.

וואָס, צום טייוול, אזא גאָט־פאַרדאַמטער טומל?
אפשר אָפּצואוועגדן אונדזערע קאַסאַקע קוקערס
פון נידערטרעכטיק, ליב און ליכטיק לעבן.

וואָס, אַשטייגער, זוכט איר דאָרטן,
אפשר מיינע נעכטנס פריידיקע!

געוועז.
געוועז און געהאַט.
קורץ. און — אַוועקגעפלויגן.
אַוועקגעפלויגן ווי אין ערשטן ווינטער־ווינט
דער לעצטער זומער־בלאַט.

געוועז און געהאַט.

אַ זון געהאַט, —
האָט אים די וועלט אין קריג אַוועקגענומען,
און צוריק געקומען.
צוריק געקומען.

ביים סאַמע אָנהויב פון זיין לויטער לעבן
און — שוין. אַ סוף. אַן ענדע.
אַ ריז אַ ליכטיקער געוועז,
ווי פון אַ גריכישער לעגענדע.

אַט זיצט ער ביי דער וואַנט —
מיין ריז, מיין קריגסגעפאַנגענער אין פרידן;
ווי זיין האַלבע הענגענדיקע בלינדע האַנט
צוזאַמען מיט זיין יעדן אבר פון זיין קראַנקן גוף
האָבן זיך צעיאָמערט און בענקען היינט נאָך יענעם —
נאָך יענעם קבר, וואו עס פוילט זיין האַנט און פוס,
אַ פאַרגאַנגענע דערמאָרדונג, אַ בלוטיק-רויטער גרום
פון לעצטן וועלט-גיהנום.

אָ, וויפל יאָרן האָט זיין איינציק-בענקענדיקע האַנט
דאָס פּנים פון אַ פרוי שוין ניט באַרירט!
קאָמיש? — טראַגיש?

פרי האָב איך גענומען פאַרבן דרויסנדיקע ווענט,
קלעטערן אויף דעכער, לייטערס, הענגענדיקע ברעטער,
מיט יעדער אָפּגעפאַרבטער וואַנט האָט זיך אַ נייער טאָג צעהעלט,
און שיין האָט אויסגעקוקט צו מיר מיין גאַס, מיין גאָט, מיין וועלט.
איצט צו אַכט-און-פערציק — צוזאַמען מיט מיין גאָט —
בין אויסגעשפּילט!

ווי אויפן פעלד אין הארבסט אַ פאַרלאָזטער גאַרב —
ליג איך און איך וואַרט אויף מיין האַרטן בעטל,
אַ דורכגעפרעסענער מיט סם פון פאַרב,

ווי עס וואַרט אַ דרייצן־מאָל־פאַרשפּילטער
אויף זיין מזל פון אַ לאָטעריע־צעטל.

אַרום מיר —
פיר טוכלע ווענט מיט פאַרדעמפטן דופט,
אַן איינציק גרינער דאָלאַר אין מיין טאַש,
אַ דערלויבעניש אַזאַ צו אָטעמען די לופט.
און פּאַר מיין פּרצוף אויפן טיש —
אַ ליידיקע פלאַש.
סאַלוט!
— — — — — — — — — — — — — — —
ביליאָנענדיקע מיסילס,
וואַרפט־אַראָפּ אַ פינפערל!
מיין מאַנטל ליגט נאָך אַלץ אין לאמבארד,
און ווינטער קומט.

1958

## די באַלאַדע פון מיין שוועסטער

שוועסטער!
אַ מענטש איז דיר אַמאָל פאַרבייגעגאַנגען,
אַ מענטש, שוין איצט אַן אָפּגעשלאָסענער, אַ שטומער;
מיט טעג געשלאָגענע פון פּופּציק לאַנגע ווינטערס,
מיט פרייד פאַרגאַנגענע פון אַ קורצן זומער.

פון זיין גרוי-געקרויזטן קאָפּ נאָך פלאַטערן און ווייען
ווידער-קולות פון פאַרגאַנגענע געשרייען.

אויגן צוויי, ווי פאַרוואָלקנטע לבנות,
וואָס ראַנגלען זיך דורך כמאַרעס —
די קלאָרע וועלט דערזען.

אַ מענטש איז דיר אַמאָל פאַרבייגעגאַנגען.

אַמאָל האָט ער דיין שוועל באַטראָטן,
אַמאָל אַן אָפּטער גאַסט געווען,
אַמאָל,

נאָך לאַנגע שטיקער צייט צעריסענע,
נאָך דיינע שווערע שטומע שבעה־טעג,
האָסטו דורך פרעמדע יאָרן אים גערופן,
האָט ער דיין קול אַמאָליקן פאַרנומען,
און אויף דיין רוף געקומען.

געמיינט האָט ער —
האָסט אפשר אויך געמיינט —
נאָר מאָלע וואָס אַ מענטש קאָן מיינען.

וואָכן און חדשים.
האָט ער שפּעטער ערשט באַנומען:
דיין דירה — אַ זויבער יאָרצייט שטיבל;
און ער, דער שומר פון דיין שווער געמיט.

און נאַכט נאָך נאַכט
וואַכט ער מיט דיין שטומען צער ביז האַלבע נאַכט,
און ווען דער קוקו־זייגער אויף דער וואַנט
קוקוט הייזעריק די צוועלפטע שעה —
עפענסטו פאַר אים אַ שטילע טיר:
מורמלט ער אַ גוטע נאַכט
און גייט אַוועק.

און דו —
אויסגעשלייערט אין דיין ווייסן זיידן נאַכט־העמד,
מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן ביי דעם ווייסן בעט,
תפילהדיק געבויגן פאַר דיין מאַנס פּאָרטרעט :
און טונקל ווערט.

נאַכט אויף נאַכט אַזוי,
יאָר נאָך יאָר אַזוי.

איך קום אַמאָל אריין —
זיצן זיי, שווייגן זיי.

זי —
אַ הויכן ווייסן שטערן,
טונקל־טיפע שאַטנדיקע אויגן.

ער —
כמאַרנע בלויע אַפּלען,
אַ לענגלעך דין און ברוין געשטאַלט.

אַנטקעגן זייערע פּנימער
ווי צוויי שטילע פאַרגליווערטע תפילות ;
אַ יזכור־פּאַרע פון צוויי גלעזער טיי,

און אָרום זיי —
שטאַנדיק און שטיל ווי אויף אַ נאַכטיקן בית־עולם.

בלויז די טויטע שטוביקע זאַכן,
וועקן זיך און דערוואַכן:

פאַלדן פון די פאַכנדיקע פאָרהאַנגען שושקען עפּעס,
צוויי מענער־שיך ביים בעט דערציילן עפּעס,
בעטן צוויי פאַרבעטע זאָגן עפּעס.

טריפנדיקע טראָפּנס קאַפּען פּרעמד און מאָנאָטאָן
פון אַן אַלטן קראַן.
אַ טיק־טאַק פון אַ זייגער טיקעט טויב און טעמפּ,
ווי געציילטע שפּאַן.

דעמאָלט —
ווען איך קום אַמאָל אַריין,
ווילט זיך ריידן, מאָנען, בעטן:

דו, מיין שוועסטער, אויסגעאָטעמט פון איין מאַמען;
ער, מיין לעבן־לאַנגער חבר,
אַן אויסגעפּייניקטער מיט מיר צוזאַמען —
וואָס האָסטו געוואָלט פון אים? !...

אַז ערגעץ הינטער זיין מצבה פרילינגט שוין דער מאָך,
און אין דרויסן אַנטקעגן דיין געקומענעם און דיר —
אַן אויפגעריסענער ווי אַ בליץ —
בלענדט דער האַלבער זומער.

נאָר דאַכטן דאַכט זיך מיר:
מען דאַרף ניט, מען טאָר ניט!
זאָג איך גאָרניט,
און גיי אַוועק.

עס טרעפט אַמאָל:
אינמיטן פון אַ שטילן נאַכטיקן שפּאַציר,
אינמיטן שווייגעניש צווישן אים און איר,
זי שטעלט זיך אָפּ, קוקט זיך אום,
רופט אַ ווייטן נאָמען אוים,
שעפּטשעט ווערטער אוים:
שטיי ניט אָפּ,
קום!

ער דרייט זיך אוים:
אַ שאָרך פון אַ בוים, אַ פולע לבנה,
צוויי לאַשטשענדיקע הינט.

צוויי געשטאַלטן ביי אַ טויער,
אַ לאַך פון אַ פרוי.

צוויי רייפע בלעטער אָפּגעפּאַלענע
שפּילן זיך אין לייכטן ווינט.

שטאַמלען ווערטער פון די שטילע ליפּן זיינע,
ווערטער אויסגעווייטיקטע אין פּיין:
פרוי!
דיינע זיבן יאָרן די פּאַרוויאַנעטע,
לויערן אויף אונדזער מאָרגן.
וואָס וועט זיין?

דעמאָלט, —
מיט איר ווייסער האַנט געבויגן,
ווי מיט עמעצן געאָרעמט,
זי קערט זיך אָפּ פון גאַס,
און גייט אַוועק.

און ער —
אַן איינגעקאָרטשעטער,
מיט לאַנגע וויינענדיקע הענט,
שלעפּט די נאַכטיק שטילע טריט
צו זיינע טויטע פיר ווענט,
און גייט אַוועק.

און קערט זיך אום און גייט פאַרביי

װאַכע הײזער,

אָפֿענע פֿענצטער,

לבֿנהדיקע גאַסן,

און לאָזט זיך מיט די װײַטע טעלעגראַפֿן־דראָטן.

פֿון װײַטן שפּאַנען בלױע סילועטן צװײ:

ער — און בײַ דער זײַט זײַן לאַנגער שאָטן;

הינטער אים — אין זײַן דמיון —

מײַן בלאַסע שלאַנקע שװעסטער,

מיט אַ קרױן פֿון ליכטיקע מינוטן;

און פֿאָראױס פֿון אים — אַ זילבערנער שאָסײ.

1957

## קולות פון די קברים

מיטן אַנקום פונעם אָוונט,
צעוויגט זיך דער צעצווייגטער בלעטער-בוים.
לאַנגע פֿאַלמען-בלעטער אין דרויסן פֿאַר מײַן פֿענצטער
שאָקלען שטילע, שווערע שאָטנס אין מײַן שטוב אַרײַן.
שאָטנס קריכן אויף דער סטעליע, אויף די ווענט,
אויף מײַנע קרומע בוידעם-ווענט אויסטערליש-געפֿלעקטע,
מיט געשטאַלטן אָפּגעבלייכטע, האַלב-פֿאַרמעקטע.
און איבער זיי, אַ געפֿלעקטער פֿלאַקער פֿון דער שקיעה —
אַרום מיר און איבער מײַן געלעגער,
אין מײַן האַלבן דרימל.

אײַנגעשלאָפֿן —
וואַקסן שאָטנס אויס אין בײַנערנע געשטאַלטן ;
קומען אָן צו הינקען מיט שטעקנס און אויף קוליעס,
מיט תּפֿילין אויף די שטערנס און טאַטואירטע הערצער.
געלע מגן-דודס אויף דאַרע געבראָכענע פּלייצעס,

ציינלאָזע מיילער, צעקרימטע, פינצטער און אָפן,
מיט יאָמער אויף באַקן פאַרגליווערט מיט וואַנזין.
פאַכן מיט די לאַנגע ביינערדיקע פינגער,
וואַרענען און מאָנען.

קולות און געשרייען:

פאַרשלאָסן זיך פון אינווייניק, דיין טיר איז אָן אַ נאָמען,
זיינען מיר דורך שפּאַלטן פון די ווענט אַריינגעקומען.
ניט דער ים וועט דיך פון אונדז צעשיידן, ניט דער ים.
פון אונדז זיך אויסבאַהאַלטן, אין אַ ווינקל זיך פאַרקליבן,
ליגסטו דאָ און כאַליעסט, שלאָפסט און חלומסט, טאָ ליג און כראָפּע!
די שחיטה איז פאַריבער, און די וואָס זיינען נאָך געבליבן —
שלאָגן שוין צונויף די בעטן אין די חורבות פון אייראָפּע!

איינער זאָגט: —

לאָמיר אים אַ הויב טאָן, לאָמיר אים אַריבערטראָגן,
דאָרטן איבער טראָטואַרן, אויסגעפלאַסטערט מיט מצבות —
אָפּגעריבענע סימנים זיינען ביז היינט פאַרבליבן.
און איבער אונדזער רויטן אַש פאַרשפּיגן שוין מיט זאַמד און שטיינער,
האָבן צוואַנציק יאָר מעת לעתן נאָך ניט אויפגעהערט צו קלאָגן.
און אויף יענע גאַסן, — ווי גראָשנדיקע יאָרצייט-ליכט —
צאַנקען קאַרג און יזכורדיק ביינאַכט די גאַס-לאַמטערן
אָנגעזאַפּט מיט פינצטערניש, קאָנען זיי ניט העלער ווערן.
דאָרטן וואו דאָס לעצטע קול פון אַ פאַרפייניקטן געשריי,

מיט אַ לעצטן אויגן־טראָפּן — דאָס וואָס דו רופסט טרערן,
צוזאַמען מיט דעם יאָמער פון גראַטעוועטע ביינער
אויפן אָפּגרונט פון די קברים, ווילן ניט פאַרשוויגן ווערן!

פרעג איך מורמלענדיק פון שלאָף:
ווער זיינען זיי און וואָס מאָנען זיי פון מיר?

ענטפערט ווער פון ווייטן הייזעריק און דומפּ:
מיר זיינען די שליחים פון אונדזער טויטן לעבן,
אומרו זיינען מיר געקומען מאָנען!

אַ קול פון הינטער מיין צוקאָפּנס:
אַ וועלט האָסטו געחלומט צו באַפרייען, אַ וועלט צו ראַטעווען,
געחלומט האַרט און שטרענג, מיט אכזרדיקער ליבשאַפט.
צוערשט די גרויסע וועלט, דערנאָך דאָס קליינע פאָלק.
אַן אייגן אומגליק דאָ און דאָרט פאַרשווייגן און פאַרלאַטעוועט
און האָס פון יידיש מענטש־באַשאַף צום אַנדערן פון אייגן בלוט,
געקומען איז דיין חלום צו אַ טאָלק, — אַזאַ מין טאָלק.

אַ ביינערדיקע פויסט קלאַפּט אין וואַנט:
„שילומים" האָבן זיי גענומען צאָלן פאַר אונדזער גרויסן בראָך.
און די געקרוינטע זינגער דיינע זיי וועלן נעמען נאָך און נאָך.
שילומים בלוטיקע פון אונדזער טויטער אָפּגעשינדטער הויט, —
אויף ביכל־בלעטער טרייפענע באַוויינען ריטמיש אונדזער טויט.

אויף דער שווישפּיל־בינע — פון מערדערס אָנגערויבטן געלט,
מיט בלוט באַפלעקט מען אונדזער טויטן טביהען פאַר דער וועלט.
יונקער־שקלים, אויך דאָרט, אין ווייטן מזרח־לאַנד פון פּאַלמען:
דרייסיק שקלים פאַר אַ ראַטלער, אַ שקל פאַר אַן אלמן.
„שילומים" בלוטיקע, פאַר שווערע טויזנט יאָרן יידיש לשון.
און מיט יעדן יונקער־שקל, ווערט דאָרט אַ יידיש וואָרט פאַרלאָשן.

זיי צאָלן, און צאָלן וועלן זיי, נאָר מיט פאַנאַנדערפאַל:
פרעסן וועלן זייערע געדערים, זייער פאַרסמטע גאַל
מיקראָבן גיפטיקע, צעשפּרייט פון אונדזער רויטן אַש.
אין יעדן לאַבן ברויט, אין יעדן טאָפּ, אין יעדער ביר־פלאַש,
אין די ווענט פון זייערע הייזער, אין יעדן הויז פון זייער גאַס,
ביז עס וועט זייער לעצטער מענטש צעפרעסן ווערן מיט זיין האַס.

איינער שרייט:
אַזוינע רייד, אַזוינע וויסטע רייד!

אַן אַנדערער:
אַזוינע וויסטע רייד האָט ער שוין לאַנג אין זיך דערהערט,
נאָר זיין מויל — ווי זיין טיר — געבליבן איז פאַרשלאָסן.
ווי אַן אבל מיט אַ שוואַרצן טרויער־באַנד אויף זיין אָרעם,
טראָגט ער אויסגעפּוצט דעם צער פון אונדזערע פאַרדעקטע קברים.
אַ צוריקגעצויגענער פון אַלעמען און אָפּגעזונדערט.
דו וועסט פון אונדזער לויער קיינמאָל ניט אַנטרינען,

ניט דו און ניט די איינציקלעך דיינע ווייטע, פרעמדע,
בלויז אין אונדזער טויטן אומרו וועסטו דיין רו געפינען.

וויל איך זיך פאַרענטפערן.
נאָר מיינע פיבערדיקע רייד האָבן זיך פאַרהאַלטן,
צוזאַמען מיט מיין אָפּגעהאַקטן אָטעם, שווער און קורץ,
ווי אין האַלדז — אַ שטיק פאַרגליווערט בלוט, אין מיטן פון אַ בלוט-שטורץ,
ווייל דערפילט האָב איך — אין מיין פאַרשלאָפענעם קאָשמאַר —
אַז די מגילה פון אונדזער לעבן, פון אונדזער קראַנקער גאַס,
מיט מיין באַגערטן שטאַמלדיקן שטראָם פון ווערטער,
אויסגעווייטיקטע דורך יאָרן,
אַנטקעגן זיי —
טאָר איך ניט פאַרבלייבן אַ דערהערטער.

מיטאַמאָל —
אַלע אויגן-לעכער געווענדט צום ווינקל פון מיין שטוב;
אַ געלויף, כאַפּן פון מיין טיש פאַרשריבענע פּאַפּירן,
לייענען, קרימען זיך מיט ווייטיק, לאַכן מיט געוויין,
רייסן, שטופּן דאָס צו מיר אין מויל, אין האַלדז אַריין:
ליג און חלום, וואַרג זיך מיט דיין דינעם טרויער,
מיר וועלן קומען נאָכאַמאָל.
— — — — — — — — — — — — — — —

אויפגעכאַפּט זיך פון מיין אייגענעם געשריי.

און נאָכאַמאָל ווי נעכטן —
אַזאַ דערבאַרעמדיקער זון־פאַרגאַנג
אין דרויסן פאַר מיין פענצטער.

ביים האָריזאָנט פון טרייסטנדיקן אָוונט
ליגט אויסגעשפּרייט — צווישן ווייסע וואָלקן־בערג —
אַ לאַנגער, שטילער טייך פון בלאָסן טוי.
אַ בלויע זעגל־שיף מיט רויט־צעפלאַמטע מאַסטן
שווימט לאַנגזאַם און דערנעענטערט זיך צו מיר,
דערנעענטערט זיך —
און צערינט.

1959

## מיר בויען נאָכאַמאָל

מיר בויען נאָכאַמאָל —
אַזוי זינגען אויף די פעלדער זעג-מאַשינען, בוי-מאַשינען.
זינגט אין מיר אַ גאַנצן טאָג אַזאַ מין ניגון.
ס'האָט היינט אַ שעה אַזאַ מיך אויפגעוועקט באַגינען,
מיט זעג-געזאַנג און האַמער-קלאַנג פון בויען און פון זיגן.

ליכטיקער באַגינען!
שאַרפער מאָרגן-פרי, ווייסע וועלט אויף אַלע וועגן.
וויברירנדיקע בלויע דראָטן ברענגען טעלעגראַפן,
טראָגן אָנזאָג אין די וויטן, גרויסן טאָג אַנטקעגן.
גאַסן וועקן זיך, יונגע שמייכלען, זקנים שטוינען, גאַפן.

איבער מיר אַ הימל,
אַן אויפגעצונדענער מיט פלאַמענדיקע פייער-פאַרבן.
אונטער מיר — זריעה — זיך דורכגעבראָכן דורך שניי און פרעסט.
אַרום מיר — הענט — אויפגעבונדענע ווי גאַרבן,
רייף און פרוכטבאַר ווי די זאָמען פון פראָטעסט.

מיר בויען נאָכאַמאָל.
מיט דעם ניגון וועלן מאַמעס עופהלעך פאַרוויגן.
ניט ביים וואַסער־שפּיל פון קרישטאָלענע פאָנטאַנען,
נאָר אונטער זעג און האַמער־קלעפּ וועט דער נייער ניגון
זינגען איבער חרובדיקע ליכטיקע און ברייטע לאַנען.

הער דעם ווייטן אומרו,
פאַרנעם דעם נייעם ריטם פון דעם אויפגעוועקטן האַרצן.
זע דעם פיבערדיקן אויפברויז איבער גאַסן, איבער מענטשן.
כ׳האָב נעכטן נאָך געטראָגן אויף די אַקסלען טרויער שוואַרצן,
היינט שטאַמלען מיינע ליפּן הימנעס — און זיי בענטשן.

מיר בויען נאָכאַמאָל,
אַזוי קלינגט דאָס ווידער־קול פון זעג און האַמער־קלאַנג
איבער גאַסן אָפענע — דאָס אויסגעבענקטע ליד פון בויער,
און עס טראָגט מיך היינט אַזאַ מין אויפגעוועקט געזאַנג,
וואָס פאַרשעמט מיין אַלטן וואָכעדיקן טרויער.

1951

# גינאַ מעדעם

אַן אויסדערוויילטע
פון אונדזער אַלעמענס געמיט,
אַ געקומענע פון שלאַכטן, פון פעלד־שפּיטאָלן,
פון פעלקער־קברים און נאַציאָנאַלע שמחות ;
פון קולטורעלע, פאַרביקע פאַרוויילונגס־טעמפּלען
מיט צער צעוויטיקטן פאַר די געפאַלענע,
מיט פרייד דערהויבענער פאַר די געבליבענע,
מיט עקסטאַז אויף דיינע ליכטיק־שאָטנדיקע וויעס
פאַר אַל דער שיינקייט אונטער אונדזער הימל.

אַזוי דערשיינסטו אַלעמאָל פאַר אונדז.

אַט זיצן מיר אין אַ קליינעם, טונקעלן לאָקאַל.
מען אַמפּערט זיך :
וועלטלעך און פּערזענלעך, דאָרפיש און סאָפיסטיש,
עס עפנט זיך די טיר לאַנגזאַם מיט אַ פּראַל
און באַלד דערשיינט פאַר אונדז דיין שטאָלץ געשטאַלט
איינגעהילט אין אַלע ווינטן נייע
פון איבער גאָר דער וועלט.

און ווי אַ זינגענדיקער וואַסער־פאַל שטראָמט דיין יידיש לשון:
שטילע, שאַרפע
קלאָרע קלאַנגען
צער און ציטער
פריד און פרייד
אויסגעצירט אין געפּוצטער פּשטות.

דו הויבסט מיך אויף און נעמסט מיך ווייט אַוועק
אויף דיין געפליגלטן און אָפענעם זכרון,
אַ זכרון, וואָס וויל זיך ניט פאַרשליסן,
אַ שמייכל, וואָס קאָן זיך ניט פאַרלעשן...
אַ רגע בלויז —
און שוין געפין איך זיך מיט דיר צוזאַמען
איבער רחבותדיקע וויים־פאַרשנייטע סטעפּעס.

ווערטער פאַלן, ווייס, קיל און שטיל
פון דיינע זינגענדיקע ליפּן,
און עס שנייט מיט שטילער פרייד.

און באַלד —
מיט קעפּ געבויגענע
צווישן די געפאַלענע בריגאַדן
אַרום די דערפער פון מאַדריד און באַרצעלאָנאַ
איבער חורבות פאַר אַ נייי געבורט.

און אַט —
קאַלקוטאַ און ראַנגון, בורמאַ און באָמבעי,
און אויפֿן פֿרייען בלענדנדיקן וועג קיין מאַנדאַלעי,
(דאָרט, וואו קיפּלינג האָט מיט פֿרייד און קלוגן שפּאַט
זיך אָפּגעזאָגט פֿון די צען געבאָט...).

און שוין, ווי דורך אַ כּשוף,
שטיי איך פֿאַר אַ שטאָט אַ באַלאַגערטער;
דער שונא שליידערט פֿייער, עס קנוילן זיך די רויכן
פֿון שוואַרצע דעכער און פֿון פֿלאַמענדיקע פֿענצטער.
יונגע און זקנים טראָגן זייערע גופֿים אייגענע
צום הייליקן אַלטאַר פֿון באַפֿרייאונג.

אַ יום־טובֿ פֿון פּאַראַדן,
דורות האָבן דורכגעבראָכן.

אַן אַלט פֿאַרמאַטערט פֿאָלק
יאָר טויזנטער געגערט זיך אויף געציילטע לעפּל רייז
יובֿלט היינט, איינגעהילט אין יום־טובֿדיקער פֿרייד.
און די פֿרייד —
אויסגעשלייערט אין קאָלירטע פֿאַרבן,
מיט גאָלד פֿון זונאויפֿגאַנג, מיט זילבער פֿון לבֿנה־ליכט,
מיט ווייס פֿון טעג און בלוי פֿון פֿאַרטאָגן.
און אַלע טאַנצן פֿאַרביקע באַזונדער

אַ שמייכלדיקן ליבעס־ברוגז
און שליסן זיך צוזאַמען.

און בילד נאָך בילד אַזוי, לאַנד נאָך לאַנד אַזוי.
דאָרט, אַ לאַנד פון אייביק בלענדנדיקן ווייסן זומער.
און ערגעץ בלענדט די אייביק־ווייסע ווינטער קעלט;
און ס׳ווילט זיך ניט אַוועקגיין פונעם טונקעלן לאָקאַל,
און ס׳ווילט זיך ניט אַוועקגיין פון דער ווייסער וועלט.

אָט שיפן מיר זיך אין אַן אָפענער גאָנדאָלאַ
אויף דעם ליכטיק־גרינעם אַרנאָ טייך;
איבער אונדז —
אַ בלויער, זון־באַזוימטער פּאַראַסאָל
פון אַ פלאָרענטינישן פאַרנאַכט.
— — — — — — — — — — — — — — —
(נאָר דאָס האָב איך אַליין פאַרטראַכט...).

גינאַ!
מיר הייבן די באָקאַלן פון געשליפענעם קרישטאָל,
מיט דינעם קלאַנג צו דיינע קומענדיקע יאָרן
קאַנטאַ אַ לאַ ווידאַ
לחיים!

1958

## גוט מאָרגן, ניו־יאָרק

ווער האָט היינט פאַרטאָג אויסגעצירט פאַר מיר די גאַסן,
אויפגעפּראַלט פריי־אַטעמדיק די מיליאָנען פענצטער
מיט אויסגעפּוצטע בלאַנקע שפּיגלדיקע שויבן,
און אויפגעצויגן איבער אַלע טויערן ווייסע פאָנען?
ווער האָט אַרויסגעשיקט אַנטקעגן מיר אַזויפיל טויבן
איבער גאַניקעס און דעכער, איבער שטאַנגען און באַלקאָנען,
ווען דער בלאַסער בעקער־יונג איז ערשט אַהיים געגאַנגען,
ווען ס׳האָבן, איילנדיק, די פרימאָרגנדיקע מילך־טרעגער
קוים דעם ערשטן בלויען שפּראָץ פון טאָג באַנומען,
און דער מידער נאַכט־וועכטער איז נאָך דרימלענדיק געשטאַנען, —
ווער האָט אָנגעזאָגט מיט אומגעדולד מיין קומען?
פון וועמען און פון וואַנען?

כ׳האָב דרייסיק הונדערט לאַנגע מיילן — מיט עקספּרעס
געוואָגלט און געוואַקלט אין אַ פאַרשלעפּטן אָמניבוס;
געשאָקלט און געוואָרפן זיך גאַנצע דריי מעת לעת,
האָב איך פערזענלעך היינט פאַרפרי געטאָן דערשיינען

אַן אויסגעפּוצטער אין צעקנייטשטע קליידער,
אַ צעטרייסלטער, מיט האַלב־פאַרשלאָפענע אויגן.
הינטער מיר זיינען באַנען, עראָפּלאַנען נאָכגעפלויגן,
אָנצויאָגן, אָנצוזאָגן די גדולה, אַז איך, שמואל יוסף דן,
דער ריטער פון אַלע ליכטיקע שלימזלם —
בין ענדלעך אָנגעקומען.

איז ווער האָט היינט פאַר מיר אויסגעפּוצט די גאַסן ?
ווער האָט אויפגעדרייט די בראָנזענע צעשיינטע קראַנען
מיט פאַרבן פון די קופער־קעסלען ביים צעפלאַמטן מזרח ?
און אויסגעשפּריצט די גאַסן, אָפּגעשפּרינקלט אַלע הייזער
מיט גאָלד און גרין און בלוי און פּאַפּעליאַטע
און אויסגעצירט דעם זומערדיקן פּורפּור־בלויען הימל
מיט פּיצלעך פּודער־פּוכקע ווייסע וואַטע ?
און פאַרוואָס אַנטקעגן מיר אַזאַ יובלדיק געדראַנג,
אַזאַ כאָראַלער פרייד־געשאַל פון מענטשלעכן געווימל,
ווי זינגענדיקע שטראָמען פון טויזנטער צעפלאַצטע פעסער ?
ווער האָט פּלוצלונג אויפגעבראָכן די געהיימע שווערע שלעסער
פון מיין באַגערטער פרייד ?

גוט מאָרגן, מיינע הענגענדיקע בריקן !
ווי פליגלדיק זיי שטרעקן היינט צו מיר די שטאָל־געשמידטע אָרעמס
אַרויפגעשטורעמטע פון ברויזנדיקן אָפּגרונט טיפן.

אפילו מיינע פרעמדע פריינט — די וואָלקן־טורעמס,
קוקן יום־טובדיק צו מיר, שמייכלען גולמדיק און גלאָצן.
און פלאַטער פון קאָלירטע טיכלעך אויף פאַרביקע עקסקורסיע־שיפן
איבער דעם מייל־ברייטן פינקלדיקן גרינעם האָדסאָן
באַגריסן היינט מיך פון דערווייטן.

אַזויפיל לויכטנדיקע אויגן,
ווי גליק דערגאַנצטער, פון אויסגעחלומטע רעיונות,
זיינען איילנדיק אַנטקעגן מיר געקומען.
אַזויפיל קלאַנגען פריידיקע פון אַלערליי לשונות
האָב איך אויף ליפן היינט צום ערשטן מאָל באַנומען.

אַזויפיל זון־באַצירטע קעפּ,
ווי גלימערדיקע קרוינען!
און —
טירן אָפענע,
פענצטער,
שויבן,
שויבן,
ס׳איז דאָך אַזוי וואונדערלעך צו שטוינען!
ס׳איז דאָך ליכטיקער צו גלויבן!

אַ באַטרונקענער פון טאָג,
אַ פאַרשיכורטער פון פנימער,

א באַפּרייטער גאַנצע זיבן טעג פון זאָרג,
שפּאַן איך שוועבנדיק איבער גאַסן פון ניו־יאָרק.
— — — — — — — — — — — — — — —

און איר, מיינע ליבע, אין קאַליפאָרניע לאַנד פון פּאַלמען, —
ווייסט כאָטש פון מיין גליק:
כ׳וועל קומען מיט אַן אייגן פערד־און־וועגעלע
אין זוניקן לאַנד צוריק.

און אַלע וועלן שמייכלען:
זע נאָר ווי גרויסאַרטיק ר׳איז געקומען!
ס׳האָט היינט אַזאַ מין ניכפּהדיקע שמחה מיך אַרומגענומען!

אָ, גרויסער טאָג, בלייב נאָך שטיין אַ ווייל!
איך האָב נאָך עפּעס צו דערציילן,
עפּעס צו דערזאָגן,
צו דערזינגען...

ניו־יאָרק, זומער, 1959

## שניי אויף די בערג

ניט קיין הייליקע טעמפּלען, געהאַקטע פון קלאָר־ווייסן מאַרמאָר,
מיט געזימסן געשניצטע, אָרנאַמענטן געקאַרבטע,
מיט דעכער און שפּיצן, וואָס שפּאַרן און שטעכן צום הימל ;
מיט פענצטער צעשיינטע, געשליפן פון קלאָרן קרישטאָל,
וואָס בליצן מיט בלוי־ווייסן שימער —
נאָר שניי אויף די בערג.

ניט קיין ווייסע זעגל־שיפן אויף ריזיקע שוימיקע כוואַליעס,
וואָס האָבן מיט שטורעם אין אַ וועלט־קאַטאַסטראָפע
פון אָפּגרונטן טיפע צום הימל געשליידערט,
און אין מיטן פאַרפרוירן געבליבן.
דאָס זיינען בערג,
און שניי אויף די בערג.

ניט קיין ווייסע קעניגלעכע שטאָט, צעשטערט פון העלדישע שלאַכטן,
וואָס פלאַקערט פון ווייטן ווי אַ בראַנזענע שריפה
אונטער פלאַמענדיקע וואָלקנס פון אַ פייערדיקער ווינטער־זון.

אויף ווייסע חרובע פּלאַצן
בלוט־באַפלעקטע מאָנומענטן,
צעשפּריצטער מעש פון צעפּאַלענע צלמים,
קאַלטע קופּערנע קופּאָלן
אויף מאַרמאָר־געשניצטע צעבראָכענע טורעמס.
אָ, ניין! דאָס זיינען בערג.
צוזאַמענגעשלאָסן, צוזאַמענגעוואָקסן,
אַ באַרג אויף אַ באַרג, אַ ריי נאָך אַ ריי,
אַרום און אַרום;
און אַ זון אויף דער וועלט,
וואָס ליכטיקט און לויטערט און גליט,
און איך אין דער מיט.
און שניי אויף די בערג,
אָ, שניי אויף די בערג!

1951

# באַלאַדע פון פישער־יונגען

ווי היגע ביימער וואַקסן זיי, ווי די ריזן שפּאַנען זיי,
פון שיפן שוין געאַנקערטע, געקומענע פון ווייטע טייכן.
ווי קריגער נאָך אַ שלאַכט, אין העלדן ליכטיקע דערמאָנען זיי;
העמדער פונעם ווינט געריסן, פלאַטערן ווי הייסע פענער,
אויף פישער־יונגען, די וואונדערלעכע מענער!

מיט בערד באַוואַקסענע ווי מאָך, מעכטיקע ווי היגע דעמבעס.
באַפרייט פון ראַנגל מיט די ווינטן איבער ימים פון אַלאַסקאַ.
ווי ריטער פון אַ פרעמדן לאַנד, פון לאַנג פאַרגעסענע לעגענדעס;
מיט שטיוול נאַסע אויף די אַקסלען, מיט פיש געזאַלצענע אין טאָרבעס.
פון ווייטן בלענדן זיי מיט ברוינעם באָרוועס...

אַהיים געקומען ביים ראַנד פון זומער, מיט לייבער אָפענע, פאַרברוינטע,
מיט וויגנדיקע טריט פון ים, אויף שטיין־ברוקירטע האַפן־גאַסן,
מיט קנאַקנדיקע געלט־באַנקנאָטן, פאַר שטורעמדיקע טעג־באַלוינטע,
בלאָנדע אירלענדער, נעגער־זין, נאָרוועגער־ווייסע, טונקעלע איטאַליענער,
פישער־יונגען, די וואונדערלעכע מענער!

אויסגעבאָדן, אָפּגעגאָלטע, לויכטן זיי אין אַלע שענקען:
זוכן זייערע לאַנג־באַגערטע. זוכן, געפינען זיי און נעמען,
פלעכטן זיך, און טאַנצן אויס, זייער זעקס־חדשימדיקן בענקען,
פאַרוואָרפן מוסקולירטע הענט, ווי שטריק געפלאָכטענע ביים האַפן,
אַרום פרינצעסינס, — זייערע פרייע שקלאַפן.

בלאָנד און שוואַרצע קעפּ געלאָקטע, ווי זון אויף זומערדיקע כוואַליעס;
אונטער פאַרביקע לאַמטערנעס, אין טאַנצנדיקע טרינק־לאָקאַלן.
באַזיגטע אין די מענער־אָרעמס, ברעכן זיך די דינע טאַליעס,
און מיט יעדן קערפּער בויג, מיט קלעם און קלאַמער זי צעבריט אים,
צום זעץ פון צימבלדיקן ריטם.

טאַליעס ציטערן געבויגן ווי פיש, געפאַנגענע אין נעצן,
הענט ווי לאַשטשענדיקע שלאַנגען וויקלען זיך אויף די אַקסלען,
אויגן פרעגן, ליפּן מאָנען, וועקן, רייצן זיך און העצן;
נאָר פאַלדן פלאַטערן און פאָכען, קילן ווי צעשפּרייטע פעכער,
די מוסקולירטע צוימען ברעכער...

מאַמעס זוכן זייערע מוידן, געפינען זיי אויף מענער־שויסן.
ווערטער פלאַמען אין דער לופטן, ווי שאַרפער פייער פון פּיסטוילן.
ווערטער קנאַלן דורך די פענצטער, זידן זיי נאָך אַלץ אין דרויסן...
יונגען לאַכן הויך און ברוסטיק, ענטפערן מיט באַס־געזאַנג:
דאָס ליד פון רייפן פישער־פאַנג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שיפן ביי דעם שטילן האַפן, וואַקלען, וועקן זיך און דרימלען.
וואַרטן אויף די פישער־יונגען, באַדויערן, וויגן זיך און בענקען;
טרויערן אויף וואַסער־שפיגלען, אונטער קילע, בלויע הימלען,
ביים בלאַסן ראַנד פון שפּעטן זומער, אין טעג געגאַנגענע פון עמבער,
ביים סוף פון בראָנזענעם סעפּטעמבער.

סעאַטל, 1956

# באָנטשע שווייג האָט זיך צערעדט

פאַרקאַמט און אויסגעפּוצט,
מיט אַ בלום אין לאַץ, אַ ליד אין האַרץ, און אַ פּייג פּאַר באַריידער,
האָב איך היינט פּאַר וואוילטאָג זיך אין מיטן גאַס צעזונגען.
כ'האָב זיך גדלותדיק פּאַרפּוצט, אין ניי־געניצטע קליידער
פּאַרן ביסל קליינגעלט וואָס האָט אין קעשענע געקלונגען.

אָ, מיינע ניי־געניצטע קליידער!
זיי זינגען היינט אַרום פון מיינע אויפגעלעבטע גלידער;
פון אַלע פּרינצן בין איך היינט דער שענסטער און דער גרעסטער,
אַז מיינע שכנים שמייכלען שוין צו מיר ווי אַלטע גוטע ברידער,
און זייערע שושקענדיקע פרויען חנדלען זיך ווי ליבע שוועסטער.

אדרבה, זעט אַ פּלאַטער!
ווי די אָרעמס מיינע האָבן זיך צעפליגלט,
ווי מיין קאָפּ האָט זיך צעשמייכלט אַ צעפרייטער,
ווי די גרויע לאָקן מיינע האָבן זיך צעשפּיגלט;
און שפּאַן איך, שרייען מיינע נייע זוילן: הערט, אָט גייט ער!

העי, איר גאָסן-קערער!
דאָס וויכערדיקע טאַנצן פון אייערע בעזעמדיקע פעכער
צו דעם ריטם פון די עלנבויגן, קני, און קנאָכן,
האָבן ווי אויף פליגל היינט אַ הויב געטאָן מיך העכער;
און ס׳האָבן לויכטנדיקע טעג אין מיר זיך דורכגעבראָכן.

גוט מאָרגן, מילך-טרעגער!
איבער אַלע בלויע פענצטער, ווייסע פלעשער פרייד;
ליכטיקע זעאונג, אַז ערגעץ אונטער פאַרביקע פאַרנאַכטן
שטייען יענע לאַנג-באַגערטע טעג און וואַרטן גרייט
אָנצוקומען מיט פרימאָרגנדיקע פראַכטן.

העי, ליבע גאָסן-קערער!
דעמאָלט וועלן מיר צוזאַמען בעזעמען אין פריידן.
ס׳וועט זיין געננוג צו בעזעמען, און אַ וועלט פון צעריסענעם צער צו באַקליידן.
נאָר איידער וואָס, און איידער ווען, און איידער איידער —
קומט און קוקט מיך אָן מיט מיינע ניי-געניצטע קליידער.

1954

# געזאַנג צו מיינע רגלים

רגלים.
טרעטערס מיינע,
אין מיין שווער פאַרשפּעטיקטן געאייל —
שטייט ניט אָפּ, דינט מיר נאָך אַ ווייל.

געבליבן נאָך אַ סך צו גיין.

אויף קינדער שמחות, מיט ערשטע ווייטיקן פון נייע ציינדלעך,
וויינען, בעבען, שפּילן זיך מיט זייערע פיסלעך, און זייערע הנדלעך,
קיצלען אַלץ וואָס לעבט אין מיר, — מיר פאַר זייערע ביינדלעך.

אויף געדענק-חתונות פון פּערציק, פופציק יאָר.
אַ זילבער-בלויער טרוים, אַ חלום אויף דער וואָר.

מיט פרייד אין מיינע קעשענעס צו די וואָס האָבן נאָך דאָס גליק
צו שפּאַצירן אין זייער דמיון אויף אַ זון-באַזוימטער בריק,
וואָס פירט פון אַלט צו יונג און נאָכאַמאָל צוריק.

און צווישן־צייט —
אַרבעט זוכן,
מאַי פּאַראַדן,
יום־טוב בעלער.

שווער ?
גייט־זשע לאַנגזאַם, אויב איר קענט ניט שפּאַנען שנעלער.

געבליבן נאָך אַ סך צו טראָגן,
צו קריכן און צו שלעפּן.

צו טראָגן האָפענונג צו אַן אָבל, וואָס גייט אַרום פאַרפאַלן,
כאָטש יאָרן לאַנגע האָבן שוין פאַרדעקט די ערשטע שלושים,
טרייסט צו שלעפּן איבער ליכטיק־אויסגעפּוצטע זאַלן
צו יזכור־טעג, פון זעקס מיליאָן אומדזערע קדושים.

צו קריכן איבער טונקעלע קוואַרטאַלן, —
זייערע חושכדיקע זונטיקס מיט וואָכעדיק גוט־יום־טוב ביטן,
מיט ווּעמען כ׳האָב פאַרפרי אַ בונד פאַרבונדן, אַ וואונד פאַרשניטן.

לידער טראָגן, כמורנע, אָנגעזאָליעטע און שווערע,
איינגעהילט אין אַ זיבן־פאַרביקער כאָליערע.

און —
מיין אייגענער געלויף איבער שטעט און לאַנד
נאָכן בלויען פויגל מיט אַ ביסל זאַלץ אין האַנט...

פים מיינע!
ניט גיט זיך אונטער אַזוי גיך.
עס שמאַרצט? די גראָבע גוליעס ברענען?
כ׳וועל אייך קויפן נייע שיך
מערצעשעם ווען איך וועל קענען.

נאָר קריכט!
אַ רוח אין אייערע מידע ביינער.
שלעפּט!

1956

# איבער קאַליפֿאָרניער וועגן

לאַנגע רייען פּאַלמען שאָטנדיקע, הויך און דין, ווי שלאַנקע פּאַראַסאָלן,
אַרומגערינגלטע מיט לויכטנדיקע פֿעלזן בערג און בראשיתדיקע טאָלן ;
און אויפֿגעטויכטע, אויסגעלויטערטע, ווי נאָך אַ פֿרישן זומערדיקן רעגן
ליגט דאָס אויבס, מיט גאָרטן־גרינס, איבער ברייטע קאַליפֿאָרניער וועגן ;
און צווישן זיי — דער לאַנג־דערוואַרטעטער — איך, דער אָנגעקומענער אַנטקעגן.

לאַנד פֿון זון־באַזוימטן זינגענדיקן זומער !
עס דאַכט זיך מיר, אַז איך בין דאָ געבוירן, אַז איך האָב דאָ מיין לאַסט פֿאַרלוירן.
און גוט איז מיר אין טעג אַזעלכע, ווען ס׳דאַכט זיך מיר, אַז איך בין דאָ געבוירן.

שווערע שטאַנגען שוואַרצע, גרינע טרויבן, אויף מיילן לאַנגע הילצערנע געשטעלן:
קאַרשן זאַפֿטיקע, פֿון טוי געוואַשענע, צעשאָטענע, ווי גרויע רויטע קרעלן.
פּערסימאָנס, געל־גרין, ווי בורשטין, איינגעליוליעטע אין ווייכן זומערדיקן ווינט ;
טונאַ, די צאַרטע פֿרוכט פֿון קאַקטוס בלאַט, זיס און מילד, ווי דער אָטעם פֿון אַ קינד;
מילגרוימען, רויט און יאָדערדיק, אויפֿגעפּלאַצט פֿון זעטיקייט און קראַפֿט ;
קאַוועס צעשפּאָלטענע, זיס און טערפּקע, שמעקט מיט ערד און זומער־זאַפֿט ;
ניי־געבוירענע קאַרטאָפֿל, מיט חנעוודיקע בראָדעווקעס, ברוין־הויטיקע,
וואָס שמייכלען, שעמעוודיק און שעלמיש, פֿון העמדעלעך צעריסענע, האַלב־
קויטיקע ;

אַנגע, געלע מערן, רויטע רעטעכלעך, מיט בלעטער-בעזעמלעך פון אונטן,
ויסגעכאַליעטע, אויפגעוועקטע, אויפגעקומענע פון פעטע, שוואַרצע גרונטן.

אַנד פון זון-באַזוימטן זינגענדיקן זומער!
וי פאַרביק ליגט דאָס אויבס מיט גאָרטן-גרינס איבער קאַליפאָרניער וועגן,
זון צווישן זיי — דער לאַנג-דערוואַרטעטער — איך, דער אָנגעקומענער אַנטקעגן.

זון ווי עס הוידען זיך מיט פרייד-געשאַל אין אורוואַלד מאַלפּעס אויף די צווייגן,
ינגען, שאַלן מיינע אברים, הוידען זיך די אָרעמס מיינע, ציען זיך און ווילן שטייגן
ין די לאַנגע, דינע טעלעגראַפן-דראָטן, כאָטש נעם און קריך אַרויף דער זון
אַנטקעגן.
און צו די סטרונעס פון דער ליכטיקער גיטאַרע, און זינג דאָס ליד פון אויבס אויף
די וועגן.

ברוינע מעקסיקאַנער מיט שטרויענע סאָמבּרעראָס, אויף שוואַרץ-געלאָקטע קעפּ
באַקרוינטע
איבער זומערדיקע וועגן, מיט שמייכלדיקע קערפּערס פון דער זון פאַרברוינטע
רוען אונטער ביימער, און וואַרטן אומגעדולדיק אויף דער רייפער צייט פון זאַמלען.
און לידער וועגן נאָענטע אין ווייטע היימען זינגען זיי מיט בענקענדיקן שטאַמלען.

און איבער די צעריסענע סאָמבּרעראָס —
מאַראַנצן אויפגעלויכטענע, ווי כינעזישע לאַמטערנעלעך, ציטערן און גלאַנצן
אויף די צווייגן,—ניט לאַמטערנעלעך, נאָר רויט און גרין געפּלעקטע פּאָמעראַנצן;
פלוימען, אויסגעחלומטע אין זומערדיקע שעה'ן — הענגען בלויע טרוימען.

ניט קיין טרוימען אויסגעחלומטע, נאָר פּורפּור-בלויע רייפע, פולע פלוימען.
טונקל גרינע אוואָקאַדאָס, אויסגעצירט מיט ברייטע בלעטער-קראַנצן,
און אַלע וואַרטן בענקענדיק נאָך מיר, זייער זומערדיקן חלום צו דערגאַנצן.

און אַלע וואַרטן אויף הונגעריקע וואַנדערער זיי זאָלן קומען, רייסן, שלינגען;
און אַלע וואַרטן אומגעדולדיקע אויף מיר — דעם שטאַמלדיקן טרובאַדור,
מיט נייגער בענקען זיי נאָך מיין יעדן טראָט, נאָך מיין יעדן שפּור,
אַז איך זאָל קומען זיי אַנטקעגן, מיט מיין פרייד צעשויבערטער און זיי באַזינגען.

איבער מיין קאָפּ — מיין האַרץ אין דער הויך, ווי אַ ווייסע, צעריסענע פאָן.
איבער מיין פאָן — אַ הימל, אונדזער ליכטיק בלויע טרייסט פון אייביק אָן.
אַרום מיר — אַ לויכטנדיקע וועלט אַזאַ איז מיט אונדז פאַראַנען.
און אויף האַרטן אַספאַלט, אונטער מיינע פריידיק-שפּרייזנדיקע שפּאַנען,
זינגען מיינע אָפענע זוילן דאָס ליד פון אויבם אויף מיינע שאָסייען.

אָ, מיינע שאָסייען!
ווי ס'ווילט זיך מיר אַנידערלייגן און מיין פריידיק שטיקל האַרץ פאַרזייען.
און אויפגיין זאָלן טעג, פאַר די לאַנג באַגערטע בענקענדיקע אויגן,
איבער שטעט פאַרמאַכטע, איבער אַלע גאַסן פון דער וועלט,
פאַרביק ווי אַ זומערדיקער רעגנבויגן —
טעג אַזעלכע אונדז אַנטקעגן —
מיט אויבם אויף די וועגן.

1955

# מיין ווייטן גרוס צו אייך

פאַר אַ האַנט אַ וואַרעמע
נאָך מיין אויסגעבענקטער פיינלעכער נסיעה,
פאַר אַ שמייכלדיקן פלאַטער פון אַ וויע
אַנטקעגן מיין געשטאַלט, ווי אַ צעוויטיקט שטילע טענה;
פאַר הענט באַגערטע, דערנעענטערטע צו מיינע —
אַ דאַנק!

פאַר אַ טיר אַן אָפענע,
וואו ביי אַ געדעקטן טיש אין אַ מיטן מיטוואָך
איז אויפגעגאַנגען איבער אויסגעבענקטע רייד
אַ יום-טובדיקער ריח פון אַן אָרעמער פּאַטראַווע;
אַ טרוימענדיקע פאַרע פון אַ טעפּל ברוינע קאַווע,
באַגלייט מיט גרינער לייכט-אַטעמדיקער פרייד.

צופאַל ווי אַ נס אַ וואונדערלעכער איז מיט מיר געשען —
כ׳האָב געבענקט נאָך אייך און איך האָב אייך געזען.

אַ דאַנק פֿאַר אַ שטילן אויסרוף מיט מיין פֿאַרלוירענעם נאָמען,
וואָס איך האָב יאָרן־לאַנג געזוכט און צווישן אייך געפֿונען.

פֿאַר ווערטער ווארעמע פֿון אַ גרינג געמיט,
וואָס זינגט נאָך איצט אין מיר ווי אַן אָוונט־ליד.

דאָס זיינען לעמפּלעך העל־באַלויכטענע אין דער פֿינצטער
און איך דער גלויביקער, אין דער וועלט —
דער גרעסטער און דער מינדסטער.

ווי ס'ווילט זיך לויבן, דאַנקען, אַ, מענטשן, מענטשן,
אייך אַלעמען פֿאַר דערהויבענע מינוטן בענטשן!

פֿאַר די שמייכלדיקע פֿלאַטערס פֿון אייערע וויעס,
פֿאַר אַ ליבן שטאַמלדיקן ציטער פֿון אַ ליפּ,
דאָס איז די שפּייז פֿאַרן שטיקל חיות —
די לופֿט פֿאַר יעדן אָטעם לעבן!
דאָס ברויט, דאָס זאַלץ.
— — — — — — — — — — — — — — —
אַ דאַנק פֿאַר אַלץ!

1957

## זונטיק אויף מיין גאַס

אַזאַ מין יום־טובדיקער זונטיק פאַרנאַכט,
זומערדיק אַזוי,
לייכט און ליכטיק בלוי —
האָט נאָך קיינער ניט געזען און ניט פאַרטראַכט,
ווי ביי מיר אין גאַס.

אַזאַ מין זון־פאַרגאַנג, פראַלנדיק און אָפן,
מיט פייערדיקע פאַרבן,
ווי פלאַמענדיקע גאַרבן,
אַזוינס האָט נאָך אין ערגעץ ניט געטראָפן
ווי ביי מיר אין גאַס.

אַזאַ שטילע שאָטנדיקע אָוונט־שעה,
דין, פאַרנאַכטלעך בלאַס,
ווי ביי מיר אין גאַס —
איז קיינמאָל ניט געווען און עס איז נישטאָ,
דאָרט ביי אייך אין גאַס.

אַזאַ לויטערע לבנה, אַרום אַזייגער צען,
זונטיק אויפדערנאַכט,
מאַמעדיק פאַרטראַכט ;
האָט איר אין ערגעץ קיינמאָל ניט געזען,
אויף אַן אַנדער גאַס.

ס'האָט נאָך קיינער ניט געזען אַזעלכע שטערן
פינקלדיק און וואַך,
אַ סך, אַ סך, אַ סך,
ווי איבער מיר, אָנגעשפּאַרט ביים נאַכט-לאַמטערן,
זונטיק אויף מיין גאַס.

1957

***

אָ, גרויסער טאָג, בלייב נאָך שטיין אַ ווייל!
איך האָב נאָך עפּעס צו דערציילן,
עפּעס צו דערזאָגן,
צו דערזינגען.

1959

## דאַנק און אנערקענונג

אַ האַרציקן דאַנק די ביישטייערער און דעם קאָמיטעט, וואָס האָבן דערמעגלעכט, אַז מיין בוך זאָל דערשיינען. אַ באַזונדער דאַנק די פריינט גינאַ מעדעם, כאַווער פּאַווער, שרה פעל־יעלין, חיים שוואַרץ, יוסף קאַראַבעלאַ, איטקע און אייזיק מאַלינסקי, די גאַר־פילדס, די סטעפּקינס און די מאַרקוסעס.

אַ ספּעציעלן דאַנק דעם חבר און פריינט נתן פּודעמבערג פאַר זיינע באַמיאונגען און פאַר זיין באַזונדערן אינטערעס צו מיין בוך.

איך וויל דאָ אויך אויסדריקן אַ דאַנק דעם חבר נחמן מייזיל, וואָס אונטער זיין רעדאַקציע זיינען דערשינען די מערסטע לידער מיינע, פאַר צוגעבן מיר מוט און העלפן אין דער דערשיינונג פון מיין בוך.

איך דאַנק אויך דעם חבר נ. הייקין, וועלכער האָט זאָרגפעליק געמאַכט די קאָרעקטור פון בוך.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן צום גוטן דער זעצער, דער פריינט הערי וואָלאָשקין פאַר זיין געדולד און פאַכמאַנשאַפט, און אויך די „גרעניטש פּרינטינג" פאַר דער פיינער דרוק־אַרבעט.

שמואל דן